בעסי חַאלאָוויץ

# קוואַל
פון
# הומאָר און סאַטירע

מאָנאָלאָגן און דערציילונגען
געזאַמלטע פאָלקס-מעשהלעך
און אַנעקדאָטן

בעסי האַלאָוויץ

# קוואַל פון הומאָר און סאַטירע

מאָנאָלאָגן און דערציילונגען
געזאַמלטע פאָלקס=מעשהלעך
און אַנעקדאָטן.

אַרויסגעגעבן פון דער שרייבערין, מיט דער מיטהילף פון:
„מיוטשועל עיד סאָסאַיעטי“ און לייען־קרייז, „פּאַרקסאַיד בענעוואָלענט
סאָסאַיעטי“ און „בראָנקס קולטור־צענטער“

# Gems of Humor and Satire



## באַמערקונג פון מחבר

צוליב דעם, וואָס פון מיין ערשטן בוך זיינען ניט געבליבן קיין עקזעמפּליאַרן, דרוק איך איבער איניקע דערציילונגען פון מיין בוך „הומאָריסטישע מאָנאָלאָגן און דערציילונגען“.

ג ע װ י ד מ ע ט

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מײַן

אײנציקן ברודער

טביה יאָנסקאָי

מיט זײן אײנציקן זון

ל ע אָ ן

קרבנות

פון די נאַציזשע מערדער.

# אינהאַלט

## ע״שטער טייל — קוואַל פון הומאָר און סאַטירע

### מעשה׳לעך וועגן באַרימטע שרייבער

זייט

| | |
|---|---|
| אברהם רייזען און אַן אָנפאַנגער | 11 |
| צען לעקציעס | 11 |
| דור — „נעקסט־דאָר" | 12 |
| די ערשטע פערציק יאָר | 12 |
| ביאַליק׳ס אַן עצה | 13 |
| ס׳שטייט געשריבן | 13 |
| אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט | 14 |
| אַ גוטער פּלאַן | 14 |
| דער סוד | 16 |
| אַ נייער בוך... | 18 |
| נחת פון ערשטן אייניקל | 22 |
| מיין מאַמע | 27 |
| די מתנה | 31 |
| שלום בית | 35 |
| צרות פון רעדאַקטאָרן | 38 |
| באַשערט אַ גליק | 41 |
| וואָס אַ „פעפער" קאָן מאַכן פון אַ מענטשן | 44 |
| קורסן | 47 |
| אַ שמועס ביים פאַרוויגן אַ קינד | 49 |
| צוליב אַ פּאָליסי | 52 |
| אַ מוסטער פון שווערער אויפקלערונג | 54 |
| דער „פּרינץ" | 55 |
| „אַ דאַנק פאַרן רופן" | 59 |
| „ווי וואָנט מאַר שלום־עליכם" | 63 |
| נייע „צרות" | 65 |
| אַ מאַמע פאַרשטייט | 68 |
| גיי ווייס ווער און וואָס | 73 |
| אַרויסגעריסן זיך פון הויז | 75 |
| זי איז „אָלראַיט" | 78 |
| די באַטנהאָל־מאַכער אַמאָליקע יאָרן | 81 |
| אַ חוב | 84 |
| איך און מיין שוויגער | 87 |

שרה און אירע לידער ........................... 90
וואָס אַ אידישע לערערין טוט אַלץ ........................ 95
אַ טעכטערל ............................... 97
ניט באַשערט הנאה האָבן פון לעבן ..................... 99
אומזערע טוער — זאָלן זיי געזונט זיין ............... 101
דער סוד ...................................... 103
אַ גרוס פון בריוואָסטן ......................... 107
די מתנה ...................................... 110
אַ חתן אין צייט פון מלחמה ........................ 115
אַ חלום ...................................... 119

## צווייטער טייל — מעשה׳לעך און אנעקדאָטן

## דריטער טייל — פאָלקס־מעשיות

ישראל־מעשיות ............................... 185
מעשה׳לעך וועגן צדיקים און רביים .................. 188
פאָלקס־מעשיות וועגן רבנים ......................... 194
מעשה׳לעך וועגן חזנים .............................. 197
פאָלקס־מעשיות וועגן שיכורים ........................ 200
אַנעקדאָטן און מעשה׳לעך וועגן גנבים .................. 203
כעלעמער מעשה׳לעך .............................. 206
מעשה׳לעך וועגן מאַלערייי ........................... 209
מעשה׳לעך וועגן קאַרגע ייִדן ......................... 213

שער־בלאַט געצייכנט פון ברוך זאלצמאַן

# צו דער, וואָס...

פון **בלומע פיינשטיין**

געווידמעט מיין טייערער **בעסי האלאָוויץ**

צו דער, וואָס טראָגט אַ שפּייכלער אין זכרון
מיט אוצרות גאַנצע, וואָס זי קלייבט דורך יאָרן,
פון מעשה'לעך, פון לידער און פון וויצן,
פון מאַנאָלאָגן האַרציקע און סקיצן.

צו דער, וואָס האַלט דעם צווייטנס שאַפונג טייער,
און גיט נאָך אָפט איר חן־פינטל צושטייער;
וואָס וועקט אַיעדנס מוזע צו דערוואַכן;
וואָס טרייבט פאַנאַנדער כמאַרעס מיט איר לאַכן.

צו דער, וואָס זינגט מיט שמייכל איבער טרויער;
מיט האַרץ געעפנט, ווי אַ ברייטן טויער
פאַר אַלע די, וואָס האַלטן נאָך אין ווערן
די מאָרגנדיקע ליכטנדיקע שטערן.

צו דער, ביי וועמען אידיש וואָרט איז הייליק,
וואָס טראָגט צו דעם אַליין אויך צו איר חלק, —
וויל איך אַצינד מיין הייסע ברכה געבן:
עס זאָל איר נאָמען, אייביק, אייביק לעבן!

ערשטער טייל

# מאָנאָלאָגן און דערציילונגען, געזאַמלטע פאָלקס־מעשה׳לעך און אַנעקדאָטן

# מעשה׳לעך וועגן באַרימטע שרייבער

## אברהם רייזען און אַן אַנפאַנגער

צו אברהם רייזען איז געקומען אַ יונגערמאַן און זיך באַקלאָגט, אַז ער האַלט אין איין שרייבן לידער, שיקט זיי אין רעדאַקציעס און מען עפנט דאָרט אפילו ניט זײַנע קאָנווערטן. וואָרום, וואָלטן זיי געלייענט זײַנע לידער, וואָלט מען זיי דאָך זיכער געדרוקט...

זאָגט רייזען:

— ווייסטו וואָס: נאַ דיר מײַנס אַ ליד, וואָס איז נאָך ניט געווען געדרוקט. שרײַב דאָס איבער אין דײַן האַנטשריפט און שיק עס אַוועק. אויב זיי וועלן דאָס ליד אויך ניט דרוקן, וועט טאַקע זײַן אַ באַווײַז, אַז זיי עפענען ניט די קאָנווערטן.

דער יונגערמאַן האָט גענומען רייזענ׳ס ליד און אַוועקגעשיקט. אַ פּאָר טעג שפּעטער לויפט אַרײַן דער יונגערמאַן מיט אַ גדולה:

— רייזען! מ׳האָט אָפּגעדרוקט מײַן ליד! און זיי בעטן, אַז איך זאָל זיי שיקן נאָך און נאָך אַזוינע לידער, און זיי וועלן מיר צאָלן צוויי קאָפּיקעס אַ שורה...

רופט זיך אָן רייזען:

— זעסטו, דאָס פאַרדריסט מיך שוין! איך בין אַן אָנערקענטער דיכטער צאָלט מען מיר איין קאָפּיקע אַ שורה, און דו, ערשט אַן אָנפאַנגער, און מ׳גיט דיר שוין צוויי קאָפּיקעס אַ שורה...

## צען לעקציעס

ד"ר. חיים זשיטלאָווסקי האָט אַמאָל געגעבן אַ סעריע פון צען לעקציעס איבער ליטעראַטור. צו דער צענטער לעקציע איז געקומען אַ גרויסער עולם. מען וואַרט, אַז דער לעקטאָר זאָל אָנהויבן זײַן לעקציע. ס׳איז שוין נאָך 9 אַזייגער אין אָוונט, דער עולם ווערט אומרואיק...

פרעגט דער פאָרזיצער דעם לעקטאָר:

— אויף וועמען וואַרט איר?

ענטפערט דר. זשיטלאָווסקי:

— ביי אַלע לעקציעס איז דאָ אין דער ערשטער ריי געזעסן אַ איד און אָפּגעשלאָפן אַלע ניין לעקציעס, איז ניט מער ווי רעכט, אַז מיר זאָלן וואַרטן אויף זיין קומען, אַז ער זאָל שוין אָפּשלאָפן די צענטע לעקציע אויך...

## דור — „נעקסט-דאָר"

אַ דיכטערין האָט זיך געווענדט צו איר שכן, דעם דיכטער ז. ווינפּער:

— נאַט אייך אַ מתנה מיין בוך לידער. נעכטן האָב איך אויך געגעבן מיין בוך דעם דיכטער לייוויק.

ווינפּער האָט געעפנט דעם בוך און אַ פרעג געטאָן די דיכטערין:

— פאַרוואָס האָט איר מיר עפּעס ניט אָנגעשריבן?

זאָגט זי:

— וואָס זאָל איך אייך אָנשרייבן?

— וואָס האָט איר אָנגעשריבן לייוויקן?

ענטפערט זי:

— לייוויקן האָב איך אָנגעשריבן: „דעם דיכטער פון דור".

— און מיר, — זאָגט ווינפּער, — קאָנט איר אָנשרייבן: „דעם דיכטער פון ‚נעקסט דאָר'..."

## די ערשטע פערציק יאָר

צו אַ באַרימטן שרייבער איז געקומען אַ יונגערמאַן מיט אַן אָנגעשריבענעם ספר און געבעטן אַ הסכמה. דער שרייבער האָט איבערגעלייענט דעם ספר און זיך אָנגערופן:

— יונגערמאַן, אויב איר ווילט ווערן אַ מחבר ביי אידן, וועט איר דאַרפן ליידן פערציק יאָר הונגער, דתקות... איר וועט זיך דאַרפן אַרומטראָגן מיט אייער ספר, קלאַפּן אין די טירן, ווערן באַליידיקט פון מענטשן, פאַרוואָס איר באַלעסטיקט זיי מיט אייערע ספרים.

— פערציק יאָר הונגער און דתקות? — האָט געפרעגט דער יונגערמאַן, — און נאָך די פערציק יאָר?

— נאָך די פערציק יאָר וועט איר שוין זיין צוגעוואוינט, — האָט געענטפערט דער שרייבער.

## ביאַליק׳ס אַן עצה

ווען חיים נחמן ביאַליק איז געקומען קיין ארץ־ישראל, גייט ער אַזוי אין גאַס און דערזעט ווי אַ גרופּע יונגעלייט רעדט הויך אויפן קול רוסיש. האָט ער זיך לעבן דער גרופּע אָפּגעשטעלט און זיך אָנגערופן:

— מיינע פריינט, פאַרוואָס זאָלט איר רעדן רוסיש, אַז מען זאָל וויסן, אַז איר זענט אידן? אַמער רעדט העברייאיש, וועט מען זען, אַז איר זענט „גויים״.

## זיי וועלן שויןביידע ניט וויסן...

צו מ. אַלגין איז אַמאָל אין מיטן נאַכט געקומען אַ יונגער אַר־בעטער און זיך באַקלאָגט, אַז ער איז פאַרליבט אין זיין באַלעבאָס׳ טאָכ־טער. זאָל אים אַלגין זאָגן, צי באַגייט ער ניט קיין פאַרברעכן צו ליבן אַן עקספּלואַטאַטאָר׳ס אַ טאָכטער.

— ס׳מאַכט ניט, — זאָגט אַלגין, — זעט נאָר, אַז אייער באַלעבאָס זאָל דערפון ניט וויסן. ווארום, איר קאָנט נאָך צוליב דעם פאַרלירן אייער שטעלע...

— אויב אַזוי, — זאָגט דער אַרבעטער, — וועט ער ביי מיר וויסן אַ מכה. אָבער זי וועט אויך וויסן אַ קרענק...

## כ׳שטייט געשריבן

אַ איד מיט אַן אָנגעשריבענעם ספר איז געקומען צו אַ באַרימטן רב און אים געבעטן, אַז ער זאָל דעם ספר איבערלייענען און געבן זיין הסכמה. אַ טאָג שפּעטער איז דער איד געקומען נאָך דער הסכמה. זעט ער ווי דער רב קווענקלט זיך און ער פרעגט:

— רבי, וואָס נעמט אייך אַזוי לאַנג צו געבן אייער הסכמה? ס׳געפעלט אייך, חלילה, ניט מיין ספר?

— איך וועל זיין מיט אייך אָפנהאַרציק. — זאָגט דער רב, — איך זע ניט, וואָס איר האָט געדאַרפט פטר׳ן אַזוי פיל צייט. איר האָט דאָך גאָרניט מהדש געווען!...

— יאָ, רבי, — האָט דער איד געענטפערט, — גרינג צו זאָגן גאָר־ניט מחדש געווען. איך האָב פיר טעכטער, און אַלע קאָן מען פירן אונ־

טער איין חופּה, און קיין נדן איז ניטאָ, און אָן נדן קאָן מען קיין חתנים ניט קריגן, זאָגט איר „גאָרניט מחדש געווען"...

— אויב אַזוי, — זאָגט דער רבי, — איז שוין עפּעס אַנדערש! אָבער טאַקע גאָר אַנדערש... — און ער האָט גענומען אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר און אָנגעשריבן: — דער דאָזיקער ספר איז לויטער תורה און חכמה. — און גאַנץ אונטן האָט ער אונטערגעגעשריבן זיין נאָמען.

פרעגט דער איד:

— רבי, פאַרוואָס האָט איר ניט אונטערגעשריבן אייער נאָמער אונ־טער דער הסכמה?

— ווייל, — האָט דער רב געענטפערט, — ס'שטייט געשריבן „זאָלסט זיך האַלטן זייער ווייט פון אַ ליגן"... וועט ניט שאַטן, אַז מיין נאָמען וועט זיין ווייטער...

## אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט

שלום עליכם האָט אַמאָל פאַרגעלייענט אין קופּער יוניאָן פאַר אַ גרויסן עולם איינע פון זיינע דערציילונגען. צווישן עולם האָט זיך געפונען אַ לאָיער. ווען שלום עליכם האָט געענדיקט לייענען האָט דער לאָיער אַריינגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס און איז צוגעגאַנגען צום באַרימטן הומאָריסט.

— דאָס איז ס'ערשט מאָל, — האָט ער געזאָגט צו שלום עליכמ'ען, — וואָס איך הער אַ שרייבער אַזוי וואונדערבאַר פאַרלייענען זיינע ווערק.

— און דאָס איז ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך זע אַ לאָיער האַלטן די הענט אין זיינע אייגענע קעשענעס, — האָט שלום עליכם גע־ענטפערט.

## אַ גוטער פּלאַן

שרה באַרקאַן האָט אַמאָל דערציילט, אַז אין אַ סאָסאַיעטי האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עס פעלן ביכער, וואָס שרייבער פלעגן אַריינשיקן צום פאַרקויפה, דאָס האָט אַ מיטגליד, ביי יעדן מיטינג, גענומען אַ בוך אַהיים... ניט גע'גנב'עט, נאָר גענומען...

ווען שרייבער האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט יעדערער אַריינ־

געשיקט אַ פּעקל ביכער צום ליטעראַטור־דירעקטאָר מיט אַ בריוועלע: „אַזוי ווי אין אייער סאָסאַיעטי גנב׳עט מען ביכער, בעט איך אייך — זעט, אַז מען זאָל מיינע ביכער אויך אַוועק־גנב׳ענען. וואָרום, אויב מען קויפט ניט קיין ביכער, טאָ זאָל מען זיי כאָטש גנב׳ענען“...

* * *

רעדאַקטאָר: איך האָב איבערגעלייענט אייער באַלאַדע...
דיכטער: נו?
רעדאַקטאָר (מיט געצויגענע ווערטער): אַ שורה טויג ניט...
דיכטער: וועלכע שורה?
רעדאַקטאָר: וועלכע איר וועט אָנכאַפּן!...

* * *

נאָכדעם ווי אַ רעדאַקטאָר האָט איבערגעלייענט ס׳ערשטע בלעטל פון אַ ראָמאַן, האָט ער זיך אָנגערופן צום ראָמאַניסט:

— פאַרברענט עס!

דער שרייבער, אויסער זיך, האָט זיך געקאָכט:

— איר האָט בלויז איבערגעלייענט ס׳ערשטע בלעטל פון אַ מאַנוסקריפּט פון טויזנט זייטן און איר הייסט מיר פאַרברענגען מיין ווערק? אַ חוצפּה אַביסל!

רעדאַקטאָר (מיט געלאַסענע ווערטער):

— ווען איר וועט פאַרזוכן ס׳ערשטע לעפעלע פון אַ איי און וועט דערפילן, אַז דאָס איי איז צוגעלעגן און ביטער, וועט איר ס׳איי אויפעסן אינגאַנצן?...

* * *

אַ אידישער שרייבער און אַ גרויסער קבצן אין זיבן פאָלעס האָט אין דער צוואה צו זיינע קינדער אַזוי געשריבן:

„קינדער, מיינע טייערע, איך לאָז אייך ניט איבער קיין געלט, ווייל איך האָב ניט! און וואָס איז דען געלט? געלט איז קיילעכדיק און צעגייט זיך גיך!... לאָז איך אייך העריבער מיינע ביכער, און איך ווייס, אַז זיי וועלן זיך ביי אייך ניט צעגיין... זיי וועלן ליגן און ליגן, ביז אייביק!...

* * *

קומט אַריין אַ איד אין אַ בוך־געשעפט און הייסט זיך געבן עפּעס אַ פיינעם בוך פון קאַרל מאַרקס.

— אָט האָט איר ק. מאַרקס' „דער 18טער ברומעיר", — זאָגט דער בוך־הענדלער, — ס'איז אַ בוך ווערט צו לייענען.

— דעם 18טן האָב איך שוין געלייענט, — זאָגט דער איד, — אפשר האָט איר דעם 19טן ברומעיר ?...

# דער סוד

(אויף אַ מינוט צום לאַכן)

איינמאָל האָט אַ פרוי אין מיין קלוב זיך געווענדט צו מיר, אַז זי וויל מיר עפּעס דערציילן, נאָר קיינער טאָר דערפון ניט וויסן... האָב איך זי פאַרזיכערט, אַז איך בין ניט אַזאַ מענטש, וואָס האָט ליב צו צעפּויקן יענעמס סודות. ס'וועט זיין פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער הערט ניט, און שטיל, מיט געצויגענע ווערטער אַרויסגערעדט: „איך שרייב לידער", און מיך געבעטן, אויב מעגלעך, איך זאָל קומען צו איר אין הויז און זי וועט פאַר מיר פאָרלייענען אַ צאָל לידער. איך האָב איר צוגעזאָגט קומען און האָב געהאַלטן וואָרט.

די פרוי האָט געוואוינט אויפן פינפטן שטאָק, אין דריי קליינע צי־מערלעך, זייער אָרעם, אָבער ס'האָט געבלאַנקט אין יעדן ווינקעלע. פיר קליינע קינדער, שיין דערצויגן, זיינען געזעסן אין קיך אַרום טיש און צוגעגרייט זייער שול־אַרבעט. מיר זיינען אַריין אין אַ צווייטן צימער און די פרוי האָט מיט גרויס טאַלאַנט פאַרגעלייענט פאַר מיר איין ליד נאָכן אַנדערן.

דאָס זיינען געווען לידער פון אַרבעטער־לעבן, פון אַמאָליקע סוועט־שעפּער, פון פאַרפעסטעטע טענעמענט־הייזער און פון עלנטע מענטשן בכלל. איך האָב איר געזאָגט, אַז זי האָט טאַלאַנט און געראָטן אַריינשיקן אירע לידער אין אַן אַרבעטער־ציטונג.

מיטאַמאָל איז אָנגעקומען איר מאַן, אַן אויסגעמאַטערטער, מיט אַ קרענקלעך פּנים. די פרוי איז אים געגאַנגען אַנטקעגן און מיט פרייד מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט אַלס שרייבערין, און אַז איך בין באַגייסטערט פון אירע לידער.

דער מאַן האָט אויפן ווייב געוואָרפן אַ בייזן בליק און זיך אָנגערופן:

— האָסט שוין געפונען וועמען צו מוטשען מיט דיינע לידער? איך בין דיר ווייניק?

— און וואָס דערלייגט איר, אויב אייער פרוי שרייבט לידער? — האָב איך זיך אַריינגעמישט. — ווען זי שרייבט ניט קיין לידער, וואָלט זי מסתמא געפירט רכילות מיט די שכנים. זעט איר, — האָב איך זיך באַרימט, — אַט ווי אייער פרוי איז משוגע פאַר אירע לידער, אַזוי בין איך פאַר ווערצן. און מיין מאַן איז גראַדע געווען שטאָלץ מיט מיר.

— וואָס הייסט ער איז געווען, און וואו איז ער איצט? — האָט דער מאַן געפרעגט צעשראָקן.

— שוין לאַנג געשטאָרבן, — האָב איך געענטפערט.

— געשטאָרבן? אפשר טאַקע פון אייערע ווערצן?

— איך קאָן אייך ניט זאָגן, ווייל מען האָט מיין מאַן ניט געפּאַל־מעסט...

# אַ נייער בוך...

## מאָנאָלאָג

ווי איר ווייסט, דרוק איך זיך שוין אַ שאָק מיט יאָרן, און דאָך האָב איך קיינמאָל ניט געטראַכט פון אַרויסגעבן אַ בוך. איבערהויפּט איצט, ווען ס'איז אַלץ בראַנד־טייער, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. מען דאַרף דאָך אין איצטיקן יקרות האָבן קורח'ס אוצרות דערצו. נו, האָט זיך אויף מיר אַנומלטן אָנגעזעצט אַ לאַנדסמאַן — פאַרוואָס איך גיב ניט אַרויס קיין בוך.

— וואָס מיינסטו? — האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו מיר, — ביסט אַ אינגעלע? מען קאָן דאָך דיך אַ ליאַדע מינוט געבן אַ רוף אַהין, פונוואַנען מען קומט ניט צוריק. וועלן קומען דיינע אַמעריקאַנער בנים און אַרויסוואַרפן דיינע שריפטן אויפן מיסט... וועלן ווינטן זיי צעטראָגן, און דו וועסט פאַרגעסן ווערן פון מענטשן, ווי גאָר קיינמאָל ניט געווען. איז פאַרוואָס ניט לאָזן קיין צייכן?...

— סעם, — זאָג איך, — דו מיינסט, אַז אַרויסגעבן אַ בוך איז אַ צוקער־לעקעכל אויפצועסן? מען דאַרף זיך גוט אונטערגאַרטלען דערצו. אַמווייניקסטן דרוקט מען טויזנט קאָפּיעס. איז וואו וועל איך נעמען אַזוי פיל בעלנים אויף צו קויפן מיין בוך? קאַרג ביכער ליגן אויף די פּאָליצעס פון די ביבליאָטעקן און ס'קלייבט זיך אויף זיי שטויב?

נעמט סעם און צעלייגט מיר זיין גאַנצן פּלאַן אַזוי ווי אויף אַ טעלערל:

— ערשטנס, — מאַכט ער, — וועט דיין בוך זיין אַן אויסנאַם. מען וועט נאָר דאַרפן דערמאָנען דיין נאָמען און מענטשן וועלן כאַפּן דיין בוך ווי מצה־וואַסער. און איך אַליין קאָן פאַרקויפן אין מיין שאַפּ אַמווייניקסטן פופציק קאָפּיעס. די אָפּערעיטאָרס לייענען דיינע זאַכן און האָבן פון זיי הנאה. איז ווער וועט זיך אָפּזאָגן צו קויפן אַ בוך? מיין אייגענע אידענע וועט אויך ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. זי איז אַ קאָך־לעפל אפשר אין 97 סאָסאַיעטיס, און איז גערן, אַז גאָט באַשערט איר נאָר עפּעס אַ נייעס. וועט זי זיך אַ נעם טאָן צו דיינע ביכער, אַז ס'וועט גיין אַ רויך! און מיינע ליטעראַרישע פריינט גייען אויך ניט צופוס... זיי וועלן לויפן אין פייער און אין וואַסער צוליב דער אידישער ליטעראַטור. כ'וועל זיי

גענבן אַ פּעקל ביכער און זיי זאָגן: ברידערלעך, נו, ווייזט וואָס איר קאָנט טאָן!... טוט מען זיך אַ נעם צו די פּעקלעך, און איטלעכער וואָס־ווען, דאַרפסטו שוין זאָרגן וועגן אַ צווייטער אויסגאַבע...

אָט אַזוי האָט מיין לאַנדסמאַן צו מיר גערעדט, איינגערעדט, צו גע־רעדט, ביז ער האָט מיך איבערגערעדט...

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער טעלעפאָניר איך אים:

— סעם, דו קאָנסט אַ מענטשן צוריידן צו דער שמד. איך גרייט אַ בוך צום דרוק!

— ענדלעך, — זאָגט ער, — ביסטו געקומען צום שכל. טאָ גע־דענק, לייג אַוועק פאַר מיר 25 קאָפּיעס...

אַוועק עטלעכע חדשים גיב איך ווידער אַ קלונג מיין לאַנדסמאַן:

— סעם, אין אַ וואָך אַרום דערשיינט מיין בוך!

— זייער פיין, — ענטפערט ער קאַלט, — פאַר מיר פאַרשריב צען ביכער...

איז געקומען דער גליקלעכער טאָג, ווען מיין בוך האָט דערזען די ליכטיקע שיין. איך האָב זיך געפילט, ווי אַ מאַמע בעת זי דערזעט איר ערשט־געבוירן, לעבעדיק קינד... בין איך גלייך צו צום טעלעפאָן און אויסגערופן מלא גדולה:

— סעם, מען האָט מיר ערשט געבראַכט מיין בוך — טויזנט עק־זעמפּליאַרן! האָסט געדאַרפט זען אַ ספר׳ל, נאָר אַ ברכה צו מאַכן. אַ צירונג פאַר יעדער אידישער שטוב...

— אַז איך האָב דאָס דערלעבט, — זאָגט ער, — וועל איך שוין משיח׳ן אויך דערלעבן. טאָ לייג אַוועק פאַר מיר פינף קאָפּיעס...

— וואָס האָסטו געזאָגט!? — האָב איך איבערגעפרעגט. איז גע־קומען אַן ענטפער מיט געצויגענע ווערטער, ווי מען זאָגט איינעם אָן, אַז ער דאַרף דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע:

— איך מיין, — זאָגט סעם, — אַז ס׳איז מער לאָגיש, אַז פריער זאָל איך זיך אַליין באַקענען מיטן בוך, זען וואָס דאָס איז פאַר אַ כלי, איידער איך רעקאָמענדיר אים צו אַ צווייטן... טאָ ברענג מיר איין קאָפּיע.

— איין קאָפּיע? — האָב איך נאָכגעזאָגט און געפילט, ווי די פיס ברעכן זיך מיר אונטער.

דער בוך איז געווען פאַרענדיקט. אָבער דאָס גליק פון פאַרענדיק־טער אַרבעט האָט מיך ניט געלאָזט רוען.

אויף מאָרגן, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, האָב איך אויסגענאַרט ביי

זיך אַ ביסל כוח, גענומען די סאָבוועי און זיך געלאָזט פאָרן מיט מיין בוך צו מיין לאַנדסמאַן.

אַריין צו מיין לאַנדסמאַן, האָב איך אים געפונען אַליין אין הויז. ער האָט זיך געבאָברעט ביי דער טעלעוויזיע און איך בין געבליבן שטיין ביי דער טיר, ווי אַן אָרעמאַן, וואָס קומט בעטן אַ נדבה.

— ערשט נעכטן, — זאָגט סעם, — האָב איך באַצאָלט פופצן דאָלאַר פאַרן „פיקסן" די טעלעוויזיע, און ס'אַרבעט אַלץ ניט!... און וואָס שטייסטו? זעץ זיך! — האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו מיר, — וואָס הערט מען עפּעס נייעס?

— איך האָב דיר געבראַכט מיין בוך, — האָב איך קוים אַרויסגערעדט און דערפילט אַ ווייטיק אין בויך.

— אַ בעלן אין אַזאַ היץ צו שלעפּן זיך אַזאַ מהלך מיט דער סאָבּ־וועי! — האָט סעם געזאָגט מיט אַ קאַלטן לונג־און־לעבער, — וואָס ברענט עס אַזוי?... — און ער האָט צוגעגעבן: — ביסט געקומען מיט דיין בוך אין אַ שלעכטער צייט. קיין אַרבעט איז ניטאָ, דער שאָפּ איז גע־שלאָסן, איז ווען מען ליגט איצט אין קאָפּ צו קויפן ביכער?... דערצו נאָך שטאַרבן־אויס די אַלטע לייענער, און קיין נייע קומען ניט צו. די יוגנט וויל ניט נעמען קיין אידיש וואָרט אין מויל. פרעגט זיך: צוליב וואָס און צוליב וועמען גיט מען אַרויס אידישע ביכער?... פונדעסטוועגן, — האָט ער פאַרענדיקט, — ווען דו וועסט זיין אין געגנט, ברענג מיר אַ בוך. איצט האָב איך קיין געלט ניט... אָבער שרייב מיר אַן עפּעס שיינס, אָט אַזוי ווי דו קענסט. און פאַרגעס ניט, אַז מיין צווייטער נאָמען ליגט זיך אויס מיט צוויי יודן...

אין סאָבוועי, אויפן וועג אַהיים, אַ טיף־באַליידיקטער פון מיין לאַנדס־מאַנ'ס באַהאַנדלונג, האָב איך פונוויטן דערזען אַ גרופּע באַקאַנטע. איך האָב זיי אויסגעמיטן און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, אַז זיי זאָלן מיך ניט זען...

שפּעטער שוין, אויפן געלעגער, האָב איך זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי צו פאַרשפּרייטן מיין בוך. כ'האָב ניט געקאָנט צומאַכן מיט קיין אויג. ערשט פאַרטאָג בין איך איינגעשלאָפן. חלומ'ט זיך מיר, אַז איך גיי פון דער אַרבעט און דערזע אַ גרויסן עולם לעבן מיין הויז. טוט מיר אַ בליץ אין מוח, אַז אַזוי ווי איך בין שוין שולדיק פאַר צוויי חדשים רענט, איז אפשר האָט מען מיך גאָר אַרויסגעוואָרפן פון דער דירה? אָבער ווי דער עולם הערזעט מיך, ווערט אַ גדולה און איינער רופט אויס:

— יאָרן־לאַנג האָסטו אונדז פאַרקויפט די ביכער פון אַנדערע שריי־בער. איצט ויינען מיר געקומען קויפן דיין בוך!

איך לאָז זיך גיין אין הויז און אַלע נאָך מיר. מען רייסט ביי מיר די ביכער פון די הענט, און יעדער איינער וויל, אַז איך זאָל אים אונ־טערשרייבן אויפן בוך מיין נאָמען... פון גרויס פרייד, וואָס דאָס פאָלק האָט זיך אַזוי אָפּגערופן, נעמען מיך שטיקן טרערן אין האַלדז, און איך כאַפּ זיך אויף... אַראָפּ פון בעט און דערזען די קעסטלעך מיט די טויזנט פּאַרפּאַקטע ביכער, האָב איך זיך דערמאָנט, ווי איך בין אַמאָל געווען אין אַ בוך־קאָמיטעט. מיר האָבן געאַרבעט ווי די בינען, פאַר־שפּרייט דעם בוך צווישן פריינט און באַקאַנטע, איינגעאָרדנט אָוונטן און אָרגאַניזאַציעס, וואו מענטשן זיינען געקומען קויפן דאָס בוך. אָבער וואָס קאָן איך איינער אַליין אויפטאָן?... מיטאַמאָל פאַלט מיר איין אַ געניאַ־לער געדאַנק. האָב איך ניט לאַנג געטראַכט און אויסגעשטעלט די קעסט־לעך מיט די פאַרפּאַקטע ביכער אין אויפנעם־צימער, איינס אויפן צווייטן, און איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן יילעך. איז ווער ס׳קומט איצט אין הויז מיינט, אַז דאָס איז אַן איבערגעדעקטע פּיאַנאָ...

„קאָלאָמייע" איז פאָרט אַ שטאָט, וואָס שווייגט ניט, — מ׳איז דאָך געקומען נאָכן בוך...

# נחת פון ערשטן אייניקל

— איך ווייסט, ס׳קומט מיר אַ מזל־טוב! מיין הערשעלע איז געוואָרן אַ טאַטע! דאָס האָט מיין זון מיר אָנגעזאָגט דורכן טעלעפאָן די גוטע בשורה, און צוגעגעבן, אַז מען וועט מיר לאָזן וויסן, ווען איך קאָן קומען זען די „בעיבי״.

איז אַוועק אַ וואָך און צוויי און מען הערט ניט, און מען זעט ניט. וועל איך קוקן אויף כבוד? בין איך ניט קיין געבעטענע אַליין געקומען. אויפן וועג האָב איך איינגעקויפט לעקעך און בראָנפן, אַ מתנה פאַר דער שנור, אַ מתנה פאַרן אייניקל, און בין געגאַנגען אַהין, ווי צו אַ טאַנץ. איך זאָג „געגאַנגען״, ס׳האָט מיך געטראָגן, ווי אויף פליגלען. צוגעקומען צו דער טיר, האָב איך מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אָנגעקלונגען. האָט מיין שנור געעפנט די טיר און געזאָגט, אַז זי איז „סאָרי״, זי קאָן מיך ניט אַריינלאָזן, ווייל זי דאַרף זויגן דאָס קינד, און דער דאָקטאָר האָט איר אָנגעזאָגט, אַז ווען זי זויגט ס׳קינד, זאָל זיין זייער שטיל אין הויז.

— אַ געזונט אין דיר! — זאָג איך, — וואָס וועל איך דען טאָן, שרייען גוואַלד? איך וועל נאָר אַ קוק טאָן אויפן קינד אין ווען ס׳איז געראָטן, דאָס אַ קוש טאָן און איך גיי שוין אַוועק.

מאַכט זי:

— דער דאָקטאָר האָט פאַרבאָטן צו קושן די „בעיבי״.

— אַ נייער משוגענער, — זאָג איך, — אַ באָבע טאָר שוין ניט אַ קוש־טאָן איר אייניקל?

נאָר גיי שריי חי וקים, אַז זי שטייט אין דער אָפענער טיר און לאָזט מיך ניט אַריבערטרעטן די שוועל. האָב איך זי געבעטן, זי זאָל כאָטש צונעמען ביי מיר די מתנות. דאָס האָט זי מיר שוין ניט געקאָנט אָפּזאָגן. זי האָט מיך באַפרייט פון די פעקלעך, מיר אונטערגעטראָגן די באַק איך זאָל זי אַ קוש טאָן און פאַרמאַכט די טיר מיר אין פנים אַריין.

בין איך געבליבן שטיין ווי אַן אָפּגעשמיסענע, און עפּעס האָט מיך גענומען שטיקן אין האַלדז...

איך געדענק, ווען מיין הערשעלע איז געווען אַ „בעיבי״, פלעג איך אים זינגען אַ לידעלע, וואָס איך האָב אַליין פאַרטראַכט:

„מיר זאָל זיין פאַר דיר,<br>וועל איך נעמען אַ שיינע שנור,

װעל איך שבת גײן צו איר,
װעט זי פֿאַר מיר פֿאַרשליסן די טיר..."

און איך פֿלעג נאָך צוגעבן: „גאָטעניו, װי דערלעבט מען דאָס שױן !"

און איצט, אַז איך האָב דאָס טאַקע דערלעבט, װאָלט איך דאָך גע־דאַרפֿט טאַנצן אין די גאַסן? איז דיר אַ מענטש קײנמאָל ניט צופֿרידן...

אויף מאָרגן האָב איך געקראָגן אַ שײן ברי‌װעלע פֿון מײן שנור, אַז אויב איך װיל קומען זען די בעיבי, זאָל איך פֿריער רופֿן אויפֿן טעלע־פֿאָן, װען מען מיר זאָגן צי איך קאָן קומען...

ניט אומזיסט זאָגט די װעלט, אַז ס'איז בעסער מיט אַ קלוגן צו פֿאַר־לירן, איידער מיט אַ נאַר צו געװינען.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה רופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן. יעדעס מאָל אַן אַנדער תירוץ: דאָס קינד שלאָפֿט, דאָס קינד זויגט, אָדער מען האַלט אין געבן דעם קינד אַ באָד.

האָב איך געזען, אַז די שפּיל איז פֿאַרן טײוול, האָב איך אָפּגערופֿן און געפֿרעגט, צי די קינדער װילן גײן פֿאַרברענגען, װעל איך בלײבן מיטן קינד. האָט מײן זון מיר געענטפֿערט, אַז װען זײ דאַרפֿן גײן פֿאַר־ברענגען, שיקט מען זײ אַ „נוירס" פֿון שפּיטאָל, װעלכע רעכנט בלױז 85 סענט אַ שעה.

— איך װאָלט עס געקאָנט מאַכן פֿאַר דיר אַ סך ביליקער, — האָב איך אים געזאָגט און אויפֿגעהאַנגען ס'טרײבל.

זײנען װידער אַװעק אַ פּאָר װאָכן און דאָ גײט מיר אויס ס'חיות צו זען דאָס קינד. עפּעס אַ קלײניקײט, אײדער מען דערלעבט אַן אײניקל!

האָב איך װידער גערופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן און געבעטן די קינדער, זײ זאָלן קומען װגטאָג צו מיר צוגאַסט, און מיטנעמען ס'קינד. האָט די שנור געזאָגט, אַז זי קאָן ניט נעמען ס'קינד אין פֿרעמדע הײזער. ס'גײען אַרום מאָזלען, זאָגט איר, איז גאָרניט? איך האָב פֿאַרלוירן צװײ ברידערלעך אין אײן װאָך פֿון מאָזלען. און אפֿשר איז דאָס געװען שקאַר־לאַטינע. דער רופֿא האָט געזאָגט, אַז ס'איז מאָזלען. קײן דאָקטאָר איז אין שטעטל ניט געװען. און װען מײן הערשעלע איז אַלט געװען זעקס װאָכן, האָבן מיר אים גענומען צו אַ חתונה, כאָטש ס'איז דאַן אַרומגע־גאַנגען דיפֿטעריע...

בײ דער חתונה איז אין אַ קלײן צימערל, אָן אַ פֿענצטער, געשטאַנען אַ ברײט בעט, װאו ס'זײנען געלעגן אפֿשר דרײ טוץ עופֿה'לעך. האָבן מיר אונדזער קינד אויך אַװעקגעלײגט און זײנען אַװעק טאַנצן.

ווי זאָגט איר: — ווען אַ נאַרישקייט גילט, איז עס אויך אַ נאַריש־קייט. ווארום עס זיינען טאַקע דאָ געפּאַלן קינדערלעך פון דיפטעריע, ווי די פליגן.

זיינען טאַקע היינטיקע מאַמעס קליגער, ווי מיר זיינען געווען. אָבער איך בין דאָך פאַרט אַ באָבע, און וויל זען מיין אייניקל, דאַרף נעמען אויף די הענט, צודריקן צום האַרצן און אים אויסקושן יעדעס אבר'ל. אָבער, אַז מ'זאָגט מ'טאָר ניט, טאָר מען ניט!

איר זאָגט, אַז מען דאַרף וויסן ווי אַכטונג געבן אויף קינדער. היינ־טיקע מאַמעס ווייסן אַלע כללים. ניט ווי מיר אַמאָל. דעם פליש־סטרייק אין דער ערשטער וועלט־מלחמה געדענקט איר? פון 16 סענט אַ פונט פליש, זיינען די פרייזן מיטאַמאָל אַרויפגעשרויפט געוואָרן אויף 28 סענט. האָט די „קאָנסומערס ליג" דערקלערט אַ פלייש־סטרייק. גאַנצע טעג פלעגן מיר פרויען אַרומפאָרן אויף טראָקס, זיך אָפּגעשטעלט אויף די גאַס־ראָגן און זיך געבעטן ביי די ווייבער, ניט צו קויפן קיין פלייש, ביז די פרייזן וועלן פאַלן. איינמאָל, איז צוגעפאָרן אַ טראָק צו מיין הויז און מיך אַרויפ־גענומען מיט ביידע קינדער, אַז איך זאָל העלפן אין סטרייק. מיין הער־שעלע איז דאַן אַלט געווען דריי יאָר, און לייבעלע — זעקס וואָכן. איז ער זיך געלעגן אין קערידזשל און איך האָב זיך געריסן דעם האַלדז, אַז קיינער זאָל ניט וואַגן אַריינגיין אין אַ בוטשער־שאָפּ.

ביי טאָג זיינען אָנגעקומען אַנדערע פרויען, האָב איך גענומען מיין הערשעלען פאַר אַ הענטל און זיך געלאָזט לויפן אַהיים קאָכן סאַפּער פאַר מיין מאַן. אופן וועג האָב איך באַגעגנט נאָך אַ סטרייקערין, וואָס האָט אויך געפירט איר אינגעלע פאַר אַ הענטל. האָבן מיר, מאַמעס, געכאַפּט אַ שמועס, און די אינגעלעך האָבן דערווייל אַרויסגעצויגן זייערע הענט־לעך פון אונדזערע הענט, און אַזוי ווי מיר זיינען געווען שטאַרק צעטראָגן פון סטרייק, האָב איך גענומען איר אינגעלע'ס הענטל, און זי — מיין אינגעלע'ס, און מיר זיינען אַוועק...

מיטאַמאָל דערהער איך לעבן מיר אַ שוואַך קול'עכל: „מאַ!" איך דריי־אויס דעם קאָפּ — איך פיר גאָר אַ פרעמד קינד... אַריינקומענדיק אין הויז, האָב איך דערזען דער „בעיביס" וויגעלע און זיך דערמאָנט, אַז איך האָב לייבעל'ען פאַרגעסן אויפן טראָק.. ערשט אין אָוונט האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ בייזער איד צו מיר אין שטוב און מיט אַ קול פון אַ כעסן האָט ער אויסגעשריען:

— געט'ס מיר אָפּ מיין אינגל! און נאַט'ס אַך איקערס! איך דאַרף ניט קיין פרעמדע קינדער!

באַלד נאָך אים האָבן צוויי סטרייקערס מיר געבראַכט צופירן די בעיבי מיטן קערידזשל. מיר האָבן זיך אַלע גוט אויסגעלאַכט, און אויף מאָרגן בין איך שוין ווידער געווען מיט ביידע קינדער אויפן טראָק. אַזוי אַלע טאָג, ביז די פרייזן אויף פלייש זיינען טאַקע געפאַלן. אָבער דער פלייש־סטרייק איז געווען אַ שפּילעכל אין פאַרגלייך מיטן וועבער־סטרייק אין יענער צייט.

די וועבער האָבן געפירט אַ ביטערן קאַמף מיט די באַלעבאַטים. אַלע טאָג האָט מען געקאָנט זען אויף דער פּיקעט־לאַין פרויען מיט פּיצלעך קינדער. איינמאָל האָבן די באָסעס אַרויסגערופן פּאָליציי און פייערלע־שער. און ניט קוקנדיק אויפן ברענענדיקן פראָסט יענעם טאָג האָבן די פייער־לעשער געשפּריצט וואַסער אויף די סטרייקער און זייערע פרויען און קינדער. זיינען אַ סך פון דער נאַסקייט ערנסט קראַנק געוואָרן. אָבער די סטרייקער האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן. זיי האָבן נאָר ניט געקאָנט צוזען דעם צער פון זייערע קינדער, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען פון הונ־גער. האָבן זיי געשיקט די קינדער קיין ניו־יאָרק, וואו אָרעמע פאַמי־ליעס האָבן מיט די קינדער פון די סטרייקערס געטיילט דעם ביסן, ביז — דער סטרייק איז געוואונען געוואָרן.

אָט אַזוי האָבן מיר אַמאָל מיטגעמאַכט אַלערליי צרות. וואָלטן מיר, באָבעס, כאָטש געמעגט האָבן דעם פאַרגעניגן אַ קוש טאָן אַן אייניקל! האָט מען דאָך מורא פאַר באַצילן... אַוודאי דאַרף מען מורא האָבן. אָבער, מיר זיינען דאָך ניט אַמאָליקע באָבעס, וואָס פלעגן אין הער אַלטער היים קייען פלייש, קיכלעך מיט זייערע פוילע ציין, און דאָס צעקייטע געבן דעם קינד אין מײַלעכל... דאָס אייגענע איז געווען מיט די ניאַנקעס, וועלכע זיינען תמיד געווען הונגעריק. אַזוי, אַז ווען זיי האָבן געקייט פאַר דער באַלעבאָסטעס קינד, האָבן זיי האַלב געגעבן דעם קינד און האַלב געלאָזט ביי זיך אין מויל... און אַז אַ קינד האָט געגעבן אַ געניץ, האָט די מאַמע געזאָגט: „נאָסטינקע, קאָסטינקע, פּו, פּו, פּו" און אַריינגעשפּיגן דעם פייגעלע גלייך אין מײַלעכל אַריין... וואָרום, ווער האָט דאָס דע־מאָלט געוואוסט פון באַצילן? ווייבער האָבן דאַן נאָר געוואוסט פון טראָגן, האָבן און זויגן קינדער...

מיין מאַמע האָט געבוירן ניינצן קינדער. האָט זי קוים, זאָגט זי, אויסגעוויינט ביי גאָט דריי פּיצלעך ווערעם. איז טאַקע מקנא צו זיין היינ־טיקע ווייבלעך. מ'האָט וואַש־מאַשינעס, וואַקיום־קלינערס, „דאַיפּער־סורוויס", „בעיבי־סיטערס" און וויל מען ניט גיין איינקויפן, רופט מען אויפן טעלעפאָן דעם גראָסערי־מאַן, דעם בוטשער, און זיי ברענגען אין הויז אַריין פון כל־טוב. היינט האָט מען אויך אויטאָמאָבילן. וויל מען, גייט

מען אַרויס אויף פּאַרוויילונג. אַניט זיינען אין הויז דאָ ראַדיאָס, טעלעווי־זיעס, מיט מואוויס און וואָס ניט?

נאָר לאָמיר בעסער רעדן פון מיין איינקל: דאָס איז ניט גלאַט אַן איינקל! ס׳לאַכט שוין צו יעדן איינעם, לאַכט עס. אַ זעלטן קינד, זאָג איך אייך. ס׳איז אַ מיידעלע, וואָס אַזוינס זעט מען גאָרניט!

איך האָב דאָס נאָך טאַקע ניט געזען...

# מיין מאַמע

מיין מאַמע האָט געהאַט אַכצן קינדער. געלעבט אין דחקות און גוט געוואוסט העם טעם פון צער און צרות. דאָך געדענק איך ניט, אַז מיין מאַמע זאָל ליגן קראַנק צו־בעט, סיידן ווען זי איז געלעגן אין קינפּעט.

איך געדענק: ווען מיין מאַמע האָט געבוירן דאָס פערצנטע קינד, און דער טאַטע האָט אַ זאָג געטאָן, אַז ער גייט קויפן אַ ניי וויגעלע, האָט אים די מאַמע נאָכגעשריען: „זע, אַז ס'זאָל זיין אַ שטאַרקס, מען זאָל ניט דאַרפן קויפן אַ וויגל יעדן יאָר"...

מיין מאַמע האָט געקענט טאָן דריי אַרבעטן מיטאַמאָל: מיט איין פוס האָט זי געוויגט ס'קינד, געפליקט פרעמדע פעדערן און אָפּגעשפּראָכן דעם קינד אַ „גוט אויג":

„שטייען דריי ווייבער אויף אַ רויטן שטיין,
איינע זאָגט, אַז בערעלע האָט אַ גוט אויג,
און די צווייטע זאָגט ,ניין'.
און די דריטע זאָגט:
פון וואַנען ס'האָט זיך גענומען,
אַהין זאָל עס גיין".

פון איבערזאָגן אַ סך מאָל דעם שפּרוך, פלעגט ביי דער מאַמען דאָס מויל שיעור ניט צעריסן ווערן פון געניצן...

ביי מיין מאַמען האָבן זיך ניט געהאַלטן קיין קינדער. זיי זיינען אויסגעשטאָרבן קליינערהייט. אָט ווי אַ קינד איז אַוועקגעפאַלן, איז עס שוין ניט אויפגעשטאַנען... און קיין דאָקטאָר איז אין שטעטל ניט געווען, און אַראָפּברענגען אַ דאָקטאָר, איז ניט געווען מיט וואָס... האָט מען גערופן דעם רופא. און דער רופא האָט נאָר געקאָנט שטעלן באַנקעס און פּיאַווקעס. ער האָט געזאָגט, אַז וואָס מער די פּיאַווקעס ציען־אויס דאָס בלוט פונעם חולה אַלץ בעסער... און די קינדער האָבן אַזוי אויך געהאַט ווייניק בלוט אין די אָדערן, זיינען זיי געפאַלן ווי די פליגן פון די קינדערשע קראַנקהייטן, ווי מאָזלען, פּאָקן, דיפטעריט, שקאַרלאַטינע. פשוט ניט געהאַט קיין כוח צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די קראַנקהייטן. און וואָס איז דער וואונדער? אַז דער הונגער איז געווען אַ שטענדיקער

גאַסט ביי אונדזער טיש... מען איז געווען צופרידן, ווען ס׳איז געווען ס׳שטיקל ברויט אין שטוב. פון מילך און פון פּוטער רעדט מען ניט.

מיין טאַטע איז געווען אַ גמרא־מלמד. איז ער געזעסן אין די ווינ־טער־נעכט פול מיט זאָרגן, און געקנעלט מיט זיינע תלמידים. דער דלות האָט געפייפט אין אַלע ווינקעלעך, די ווענט פון הויז האָבן געוויינט, צו־גלייך מיטן ווינט. און דאָס לעמפּל האָט געצאַנקט, ווי אַ קראַנק אויג...

און ווען ס׳איז געקומען איינצומאָנען דעם שכר־לימוד, האָבן די אָרעמע ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן, און ביי די נגידים אַרויסצוזייסן אַ קערבל איז געווען ווי צו רייסן באַק־ציינער... איז מיין טאַטע אַרומ־געגאַנגען מיט זיינע האַפּענונגלאָזע אויגן פון צער און טרויער, געקוקט אויף אַלע יוגן און שטעגן, אפשר וועט זיך באַווייזן פון ערגעץ אַ מלאך, וואָס זאָל זיך אויף אים דערבאַרעמען און אים אויסליזן פון זיין שווער לעבן, וואָס איז געווען פאַר אים ערגער פון אַ תפיסה. און מיין מאַמע שטייט מיר נאָך אויף פאַר די אויגן מיט איר צעקרימט פּנים פון איי־ביקן באַוויינען אירע טויטע קינדער...

דאָס זיינען געווען מיינע פאַרשאָלטענע קינדער־יאָרן, וואָס זיינען נאָך ביז איצט ניט אָפּגעווישט פון מיין מוח. אין איינעם אַ טאָג, גאָר אומ־דערוואַרט, איז פון אַמעריקע אָנגעקומען אַ שיף־קאַרטע פון אַ פריינט, פאַר מיין טאַטן. די פרייד יענעם טאָג ביי אונדז אין שטוב איז גאָרניט צו באַשרייבן. אַ קליינִיקייט, אַמעריקע!... קאַרג האָט מען זיך אָנגעַ־הערט, ווי מענטשן ווערן דאָרט נתעשר. האָט מען ניט לאַנג געטראַכט, פאַרזעצט דאָס בעטגעוואַנט מיט דער מאַמע׳ס עטלעכע פאָר מעשענע לייכטער, געגעבן דעם טאַטן אויף הוצאות, און מיר האָבן אים אַרויסבאַ־גלייט קיין אַמעריקע...

מיין טאַטע איז דאָ געוואָרן אַ קלאָוק־אָפּערעיטאָר. איז מיר נאָך איצט שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי אַזוי דער גמרא־מלמד, וואָס איז טאָג־און־נאַכט געזעסן איבער דער גמרא, האָט געקאָנט זיצן איינגעבויגן אי־בער אַ ניי־מאַשין, שווימען אין אַ וואָלקן פון שטויב און פאַרע פון די פרעס־אייזנס, מיט אויגן פאַרלאָפענע מיט בלוט פונעם האַלב־פינצטערן „סוועט־שאַפּ“...

העכער צוויי יאָר האָט מיין טאַטע געאַרבעט שווער און ביטער. יעדער סענט, וואָס ער האָט פאַרדינט, איז אים אָנגעקומען מיט דער גרינער גאַל. דאָך האָט ער ניט אויפגעגעבן דעם שאַפּ. ער האָט געשפּאָרט אַ פעני צו אַ פעני, ביז ער האָט געקאָנט שיקן נאָך ווייב און קינדער.

איידער מיין מאַמע האָט פאַרלאָזט די אַלטע היים, איז זי געגאַנגען אויפן הייליקן אָרט זיך געזעגענען מיט אירע טויטע קינדער. האָט זי

מיט אירע קולות קברים איינגעריסן. געקושט די מצבות נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך זי אָפּצורייסן פון זיי...

איך געדענק אויך: ווען מיין טאַטע איז געקומען אונדז אַראָפּנעמען פון שיף, און אַז די מאַמע האָט אים דערזען אָן איינגעבויגענעם, מיט איינגעפאַלענע באַקן, דאָס פּנים געל ווי וואַקס, אָן באָרד און אָן פּיאות, האָט זי אויסגעשריען: „אַ בראָך האָט מיך געטראָפן! וואָס אַמעריקע האָט געמאַכט פון דיר!". האָט דער טאַטע געגעבן אַ לאַך, און ס'האָבן זיך אַרויסגעזען צוויי גילדענע ציין, ווי צוויי נייע מצבות אויף אַן אַלטן בית־עולם...

יעדן פרייטאָג פלעגט מיין טאַטע ברענגען אַהיים די שכירות אין אַ פאַרמאַכטן „ענוועלאָפּ" און אָוועקגעבן דער מאַמען. און אַז מיין טאַטנ'ס פאַרדינסטן זיינען אַריין אין דער מאַמעס הענט, איז געווען אַ מזל־ברכה. זי האָט געקאָנט שטרעקן די דעקן נאָך די עקן, אַז עס זאָל אויף אַלצ־דינג קלעקן...

צוערשט האָט זי זיך אַ נעם געטאָן צו קרעפּטיקן די אויסגעווייקטע דריי קינדער, וואָס זיינען איר פון אַכצן קינדער געשענקט געוואָרן... זי האָט אונדז פּשוט „געגאָסן גאָלד אין האַלדז". האָט ניט לאַנג גענומען, און אונדזערע בלייכע בעקעלעך האָבן זיך אויסגעפילט און געקראָגן אַ ראָזעווע קאָליר... די מאַמע האָט אונדז אויך געקויפט נייע מלבושים׳־לעך; איז די בייקייט אַריין אין אונדזער בלוט, ווי מיר וואָלטן אַליין אויך געוואָרן נייע...

אויך דעם טאַטנס איינגעפאַלענע באַקן זיינען פול געוואָרן און גע־קראָגן קאָליר. ער איז שוין ניט געגאַנגען געבויגן. ער האָט זיך אויס־געגלייכט, איז זוי העכער געוואָרן און באַקומען אַ יוגנטלעכן אויסזען... נאָר די מאַמע איז געבליבן, ווי אַ פאַרטריקנטער בוים... בלויז אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן געזאָגט עדות פון איר אַמאָליקער שיינקייט.

איך געדענק: ווען מיר, קינדער, האָבן זיך אויפגעכאַפּט אויף די פיסלעך און אָנגעהויבן אַליין פאַרדינען, האָבן מיר געטראַכט, וואָס פאַר אַ מתּנה קאָנען מיר געבן דער מאַמען, כּדי איר אָפּצאָלן אַ קליינעם חלק פון דעם, וואָס מיר קומען איר, כאָטש אויסדריקן אַ קליינעם טייל פון דער דאַנקבאַרקייט, וואָס מיר פילן צו איר. האָבן מיר באַשלאָסן צו שיקן די מאַמען אין אַן אָפּרו־פּלאַץ אין אַ וואַרעמען קלימאַט אויף אַ שטיקל צייט, זי זאָל דאָרט אויסוואַרעמען אירע מידע, קראַנקע ביינער. האָט די מאַמע געזאָגט: „משוגע מיינע שונאים!? איך וועל אייך מיטן טאַטן איבער־לאָזן אויפֿן הפקר, ס'זאָל ניט זיין ווער ס'זאָל אייך אַ לעפל געקעכץ דער־

לאַנגען, און איך וועל זיך לאָזן וואוילגיין?... ניין, קינדער, אַלץ יאָ, נאָר דאָס ניט!...

און שפּעטער, ווען מיר האָבן שוין געהאַט אונדזערע אייגענע קינדער, איז נאָך אַלץ די מאַמע געזעסן ביי אונדז דאָס אויג אין קאָפּ.

און ווען מיין טאַטע איז אַוועק פון דער וועלט, האָבן מיר, קינדער, זיך געבעטן ביי דער מאַמען, אַז זי זאָל זיין ביי אונדז. מיר האָבן איר צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן זי אָפּהיטן, ווי אַן אייגן קינד, און כאָטש מיר זיינען ווייט פון צו זיין נגידים, וועט איר ניט פעלן ביי אונדז פון פויגל־מילך.

איז די מאַמע געזעסן אַ פאַרגליווערטע און געשוויגן... נאָך שלושים האָט די מאַמע זיך אַליין אַריינגעגעבן אין אַ מושב־זקנים, כדי ניט אָנצורירן אירע קינדער, איבער וועמען זי האָט געציטערט און געפלאַטערט...

אָט אַזוי האָט מיין מאַמע ניט דערלאָזט, אַז מיר, קינדער, זאָלן פאַרזיסן די לעצטע טעג פון איר לעבן...

# די מתנה

עס איז פאַראַן אַ פאָלקס־ליד, וואָס זינגט זיך אַזוי:

מיין האַרץ וויינט אין מיר, ביינאַכט און בייטאָג,
פיל שמערצן טראָג איך, ס׳איז צו מיר אַ גרויסע קלאָג.
מיינע לויטערע שמערצן קאָן איך פאַר קיין מענטשן ניט דערציילן,
צרות פון מיין האַרצן קאָן קיין דאָקטאָר מיר ניט היילן.

אָט־האָט ליד קומט מיר אויפן זינען, ווען ס׳כאַפּט מיך אָן אַ בענק־שאַפט נאָך מיין אַמאָליקער היים, וואו מען האָט גערעדט אידיש לשון, מען האָט געוואוסט פון שבתים און יום־טובים. איצט בין איך אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע, פון שוועסטער און ברידער, הער ניט קיין אידיש וואָרט, און וויס ניט פון קיין שבת און קיין יום־טוב. ס׳איז דאָ תמיד אינדער־וואָכן...

נאָר אַז איך וויל ווידער צוריק, האָט מען ביי אונדז אין שטוב ניט גערעדט אויך אידיש פון הויכע עניינים. טאַטע־מאַמע, פאַרביטערטע פון שווערן לעבן, זייערע נערוון אָנגעצויגענע ווי סטרונעס — האָט מען זיך אַריינגערעדט אין דער גאַל אַריין. זייער קולטור איז באַשטאַנען פון צייטונג־ראָמאַנען, בינטל בריוו און „אַ גאַלעריי פון פאַרשוואונדענע מענער“.

מיר זיינען געווען אַכט קינדער, פון וועלכע איך בין געווען די מיזינקע. מיין טאַטע איז נאָך געווען גאָר אַ יונגער מענטש, אָבער זיינע אויגן זיינען געווען עלטער פון אים אפשר מיט דרייסיק יאָר... אָן איינגעשפּאַנטער אין שווערן יאָך, האָט ער גע׳חלומ׳ט בייזע חלומות: פון „סעק“ און „סלעק“ און „עוויקשאָן“. די מאַמע האָט גע׳טענה׳ט, אַז ביי לייטן מענער אַקערן מיט דער באָז די ערד, אַז וויב און קינדער זאָל גאָר ניט פעלן. האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז ס׳שטייט אין ערגעץ ניט גע־שריבן, אַז אַ מאַן דאַרף אַליין פאַרלייגן מיטן קאָפּ, און ס׳וויב זאָל זיך באָדן אין ראָסקאָש...

און אפילו אין גוטן מוט האָט מען אויך ניט אויסגערעדט קיין גלייך וואָרט איינס צום אַנדערן. למשל:

— וואוהין גייסטו? — טאַנצן.

— האָסט היינט געאַרבעט? — ניין! איך האָב געשריבן ספרים.

— האָסט עפּעס קליינגעלט? — אָט וועל איך גיין אויס׳גנב׳ענען אַ קלויסטער פון דיינעטוועגן.

— פון וואָס ביסטו מיד? — פון שפּילן זיך אַ גאַנצן טאָג...

די מאַמע איז געווען זיבער אַ שטאָלצע, האָט זי קיינמאָל ניט געבעטן קיין געלט ביים מאַן אויף אַ קלייד אָדער שיך. און וויבאַלד זי האָט ניט געבעטן, האָט ער ניט געוואוסט. אַז זי דאַרף... איז די מאַמע אַרומגעגאַנגען מיט אַ שטילן וויטיק אין האַרצן. דערפאַר האָט זי שוין ניט געשוויגן, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן די קינדער:

— זע, — פלעגט זי קלאָגן, — ווי די קינדער גייען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, און דיך אַרט עס ניט! דו ביסט דאָך אַ טאַטע!

— נו, און אַז איך בין אַ טאַטע — זאָל איך מאַכן פון זיך? צי גיין גנב'ענען?! — פלעגט ער שרייען מיט באַנומענע קולות, און מיט אַ ווילדער קראַפט אַ כאַפּ־טאָן אַ בענקל און אַ וואָרף טאָן אין דער ערד. נאָך דעם פלעגט ער מיט ביידע הענט זיך רייסן די האָר פון קאָפּ...

דעם טאַטנ'ס אויסברוכן האָבן מיך ניט געאַרט. ס'האָט מיר נאָר וויי־געטאָן פאַר דער מאַמען. ווייל נאָך אַזאַ סצענע פלעגט זי וויינען שטילערהייט מיט אַ ניגון, ווי מען באַוויינט אַ טויטן...

און פון די שבתים איז שוין אָפּגערעדט. דער שבת, וואָס איז ניט געווען קיין פאַרשטערטער, איז געווען אַ זעלטנהייט. ס'איז געווען גענוג, אַז אַ ברודערל זאָל פאַרגעסן דעם קידוש, צי די פיס זאָלן זיין צוגעפּעפערט, און דעם טאַטנס צאָרן האָט געפּלאַצט ווי אַ באָמבע. עס האָבן גענומען פליען זידל־ווערטער און קללות אָן אַ שיעור. נאָכן שטורעם איז דער מאַמע'ס שיין, ליכטיק פּנים געווען שוואַרץ ווי די ערד.

דער טאַטע איז אויך געווען אַ ווילד־פרומער: פּוצן שבת די שיך — מע טאָר ניט. וואַשן די האָר — מען טאָר ניט. פאַרזוכן אַ שטיקל מצה פאַרן סדר — מען טאָר נישט! אפילו ווען איך האָב זיך אַמאָל צעזונגען הויך אויפן קול, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז אַ אידישע טאָכטער טאָר ניט זינגען אין דער הויך. — פאַרוואָס טאָר זי ניט? — האָב איך געפרעגט. — „זי טאָר ניט, ווייל זי טאָר ניט!" — האָב איך געקראָגן אָן ענטפער...

ווען מיר, קינדער, האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס און אָנגעהויבן ברענגען אַהיים „פעידע", האָט די מאַמע אונדז געצערטלט, ניט געזשאַלעוועט קיין מי, געשטאַנען אין קיך ווי אין אַ רעסטאָראַן, און ווער ס'איז געקומען פריער אַהיים, דעם האָט זי געגעבן עסן, אַז ס'זאָל, חלילה, אַ קינד ניט איבער'הלש'ן ס'האַרץ. האָט דער טאַטע איר געבראָכן די טריט, הלמאי מען וואַרט ניט אויף אים מיטן עסן... דערפאַר האָט ער זיך שוין מיט אונדז אָפּגערעכנט פסח צום ערשטן סדר.

אַ גאַנצן טאָג איז די מאַמע געווען אויף די פיס אויף אַריינצופירן

דעם יום־טוב, און ווי מיד זי איז ניט געווען פון ראַמען, קאָכן, פּרעג־לען די פּסח׳דיקע מאכלים, איז זי געווען צום סדר אָנגעטאָן אין אַ ווייס געפּרעסט קלייד, די שיינע שוואַרצע האָר פּאַרפלאָכטן אין צוויי צעפּ, און פּאַרלייגט איבערן קאָפּ, ווי אַ קרוין. אַן אמת׳ע מלכה.

און דער טיש — יום־טוב׳דיק געגרייט. אַלע קינדער אויסגעפּוצטע, איז מען געזעסן הונגעריקע און געוואַרט, אַז דער טאַטע זאָל קומען פון שול אָפּריכטן דעם סדר. אָבער דער טאַטע האָט זיך גראַדע גענומען צייט... און ביז מען האָט אים דערלעבט צו זען, האָט צען מאָל איבער־גע׳חלש׳ט ס׳האַרץ. און אַז ער האָט זיך שוין באַוויזן, איז ער געגאַנגען צום טיש מיט דריבנינקע טריטעלעך... פּאַוואָלינקע, ניט געכאַפּט. האָט ער זיך אָנגעטאָן דעם ווייסן קיטל, און זיך אַריינגעזעצט אין דעם הסב־בעט פון צוויי גרויסע, ווייסע קישענס. און אַז ער האָט זיך געדאַרפט וואַשן די הענט, האָט ער זיך געשאַפּט מיט דער מלכה... זי האָט אים געדאַרפט צוטראָגן צום טיש וואַסער, אַ שיסל און אַ האַנטוך. דאָס האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט אַ פּאָר מאָלביים אָפּריכטן דעם סדר. און אָט האָט שוין די מאַמע צוגעטראָגן צום טיש די געפילטע פיש, וואָס האָבן פאַר־שמעקט ס׳הויז און גערייצט דעם אַפּעטיט... אָבער ניט געכאַפּט. פריער, באַשטייט דער טאַטע, דאַרפן מיר אויפעסן אַלע ביטערע קרייטעכצער, ווי ס׳איבערשטע פון כריין, און טאָקע אַראָפּשלינגען... און איז געקו־מען צו די פיר קשיות, האָט יעדערער פון די פינף זין געמוזט פרעגן, און דער טאַטע האָט יעדן באַזונדער געענטפערט, אַזוי, אַז מען האָט גע־קאָנט אויסגיין אונטער זיינע הענט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט דער טאַטע געהאַט „צו זינגען און צו זאָגן”. מיר זיינען שוין אַלע געווען אָן כוחות, די אויגן האָבן זיך גע־קלעפּט, אָבער קיינער האָט זיך ניט געטאָרט אויפהויבן פון אָרט, ביז דער טאַטע האָט ניט געענדיקט ס׳לעצטע בלעטל פון דער הגדה...

נו, איז כאָטש קיין סך נחת פון די שבתים און יום־טובים האָב איך ניט געהאַט, איז נאָך אַלץ געווען בעסער ווי איצט, ווען ס׳איז תמיד איינ־הערוואָכן...

עס זאָונדערט מיך נאָר אויף מיין מאַן. ער האָט יאָ נאָך וואָס צו בענקען. וואָרים זיינע טאַטע־מאַמע זיינען געווען הויך־געבילדעטע מענטשן, זייער הויז איז געווען אַ ליטעראַרישע שטוב, וואו ס׳פלעגן קו־מען אידישע שרייבער און דיכטער, און די קינדער האָבן אין זיך אַריינ־געזאַפּט תורה און חכמה, און די עלטערן האָבן אויך געשפּרייט ברייטע וועגן פאַר זייערע קינדער צו די לויטערע קוואַלן פון וויסן. אָבער אין לויף פון יאָרן, זינט מיר וואוינען אין דער פרעמדער שטאָט און אין אַ

ניט־אידישער געגנט איז דער בליאַסק פון יענער אידישער קולטור־סביבה אינגאַנצן געמינערט געוואָרן פון מיין מאַנ׳ס זכרון... ער זאָל דאָס אַמאָל רעדן צו אונדזערע קינדער פון זיין אָפּשטאַם, פון די באַרימטע אידישע קינסטלער. ער איז גאָר, צוליב זיין פּראָפעסיע, אויסגעבונדן מיט די קריסטלעכע שכנים, פייערט זייערע יום־טובים, און אויף דעם וועג פירט ער זיינע קינדער...

היינטיקן ערב־קריסטמעס קומט אונדזער מיידעלע מיט אַ גדולה, אַז אין סקול האָט מען זי אַריינגענומען אין אַ קינדער־כאָר, און קריסטמעס־נאַכט וועט זי זינגען אין טשוירטש מיטן כאָר. אַ פאַרציטערטע בין איך געוואָרן. אָבער מיין מאַן איז ווי ניט אים מיינט מען. אויף מאָרגן האָבן שוין די קינדער געפאָדערט אַ קריסטמעס־בוים. האָט מיין מאַן ניט לאַנג געטראַכט, אַוועק און געבראַכט אַ גרויסן בוים, אויסגעפוצט מיט קאָ־לירטע עלעקטרישע לעמפּלעך, אָנגעצונדן און אַוועקגעשטעלט לעבן פענצ־טער, מיט ליכטן גלייך... דעמזעלבן טאָג איז געקומען פון מיין שוועער אַ מתנה פאַר אונדזער דרייצן־יאָריקן זון. דאָס אינגל האָט גענומען דאָס פּעקל און אַוועקגעלייגט מיט אַנדערע מתנות אונטערן קרסטמעס־בוים. אָט אַזוי פירט זיך ביי די קריסטן. די מתנות עפנט מען ערשט קריסט־מעס אינדערפרי. שפּעט אין אָוונט בין איך געווען נייגעריק צו זען, וואָס מיין שווער האָט געשיקט פאַר זיין איייניקל. האָב איך געעפנט דאָס פּעקל און געפונען אַ בוך וועגן די נביאים, געשריבן פון אַ באַרימטן אידישן פּאָעט. בייגעלייגט איז געווען אַ בריוועלע, וואָס האָט זיך גע־לייענט:

„מיין טייער איייניקל! דו ווערסט די טעג בר־מצוה, שיק איך דיר אַ מתנה, אַ טייערן ספר. אַז דו וועסט זיך מיטן ווערק באַקענען, וועסטו זיין שטאָלץ, וואָס דו ביסט אַ איד“...

אויף מאָרגן האָב איך געוויזן מיין מאַן די מתנה מיטן בריוועלע. ער איז געווען טיף גערירט, אָבער ער האָט ניט געענטפערט. און זיינע קלוגע, צאַרטע אויגן האָב איך געלייענט אַ געפיל פון חרטה, וואָס ער האָט ביז איצט באַליידיקט דאָס טייערסטע, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן איינ־געפלאַנצט אין זיין נשמה...

— אָט אַזוי ווייטער טאָר עס ניט גיין! — האָב איך זיך געווענדעט צו מיין מאַן, — מיר דאַרפן באַקענען אונדזערע קינדער מיט די קולטור־אוצרות, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געשאַפן פאַר דורות, אַז זיי זאָלן קאָנען זיין שטאָלץ אַלס אידן.

מיין מאַן האָט זיך צוגעהערט צו מיינע רייד און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכים...

# שלום בית

איך ווייס ניט ווי אַנדערע, ביי מיר איז שלום בית טייערער פון איך ווייס אַליין ניט וואָס. אָט איז שוין עטלעכע־און־צוואַנציק יאָר נאָך אונדזער חתונה. פרעגט, צי האָב איך נאָך מיין מאַן געזאָגט „אָט קרום גייסטו". איז טאַקע, וואָס פאַר אַ גוט מאָרגן, אַזאַ גוט יאָר. ביט אומזיסט ציילט ער מיר די טריט. דערפאַר טאַקע, אַז איך קום צו זיין משפחה, בלאָזט מיר יעדערער אָפּ דאָס אָרט. ווי גייט ס'ווערטל: ווי דער האַר האַלט דאָס הינטל, אַזוי האַלט עס דאָס גאַנצע געזינדל... וואָלט ער נאָר ניט געהאַט זיין חולאת פון שפּילן קאָרטן, פערדלעך, דאַיס. און איצט האָט ער זיך גענומען צו אַ נייער שפּיל, ערקשט פון דער נאָדל אַרויס: הימל און ערד און סוויפּסטעיקס!

אוי, ווען ניט דאָס געמבלען, וואָלט דאָך מיר ניט געפעלט פון פויגל־מילך! אַז דאָס האָט צוויי גאָלדענע הענט, און אַ ברילאַנטן האַרץ! נאָר וואָס איז דאָ צו ריידן: אַלץ אינאיינעם איז ניטאָ ביי קיינעם!

וואָס ווייסט איר, אויף וואָס דאָס געמבלעריי קאָן אַרויפברענגען אַ מענטש! מען ווערט אַ ליגנער, אַ גנב און וואָס אין קאָרט.

צוערשט באַגראָבט מען וואו נאָר ערגעץ אַ סענט. נאָכדעם נעמט מען אַרויסטראָגן פון הויז דאָס ווייסל פון אויג. ווער מיר ווייב, וואָס מיר קינד? מען ווערט אַ קוילער אויף זיך אַליין.

מיינער איז גראַדע ניט פון די געוואָרענע געמבלער. ער איז פון די געבאָרענע. זיין טאַטע איז געווען אַ געמבלער, זיין טאַטנס־טאַטע און די גאַנצע משפּחה — ממזר־גנב!

איר מיינט, אַז איך האָב פריער ניט געוואוסט מיין מאַנס יחוס? די מאַמע פלעגט מיר זאָגן:

— געדענק, אויף אַ פוילן בוים וואַקסן פוילע עפּל!

— נישקשה, — האָב איך געזאָגט, — איך וועל אַרויסנעמען דאָס פערד און פאַרברענען די שטאַל.

— אַ שיינע, ריינע כפּרה! — האָט געזאָגט די מאַמע מיינע, — ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען, — און פלעגט אויסלאָזן מיט אַ זיפץ: — די מויד וויל זיך איבערשניידן דעם האַלדז אָן אַ מעסער...

די מאַמע מיינע האָט געהאַט פאַר זיך אַ גוטן שפּיגל: אָט נעמט מיך שווער. געווען אויסגעבונדן מיט אַלע קאָרטיאָזשניקעס, ביז ער האָט איינמאָל געמאַכט עפּעס אַ מאַניפּאָרגע מיט די קאָרטן, האָט מען

אים געמאַכט מיט אַ קאָפּ קירצער... ס'איז נאָר געווען אַ וווּיטיק, וואָס די שוויגער האָט ניט געהאַט די זכיה צו דערלעבן זען, ווי די חברותא האָט איר דאַליע מיט גרויס פּאַראַד געפירט אין אַ שוואַרצן קאַסטן...

וואָס זאָלט איר קלערן, דער זון איז אַן אָדער פון טאַטן. אַנומלטן, איך טו זיך אַ כאַפּ, נישטאָ מיינע דימענטענע אוירינגלעך, וואָס מיין מאַן האָט מיר געקויפט, ווען איך בין פאַר אים אַ כלה געוואָרן. אָט־די אוי־רינגלעך זיינען מיר בייגעשטאַנען אין אַלע מיינע נויטן. איך האָב זיי ניט איינמאָל פאַרזעצט, ווען איך האָב געדאַרפט ראַטעווען אַ קינד פון אַ שווערער קראַנקהייט, און אַמאָל, ווען ס'איז געקומען אַ יום־טוב.. איז מיר טאַקע געוואָרן אַ לאָך אין האַרצן, ווען איך האָב ניט געפונען דאָס קעסטעלע, אין וועלכן די אוירינגלעך זיינען געלעגן.

ווען מיין מאַן איז געקומען האָב איך אים געזאָגט:

— סעם, מען האָט אַרויסגע'גנב'עט מיינע דימענטענע אוירינגלעך! וואָס וועלן מיר איצט טאָן אונטער אַ נויט? ס'וועט שוין אפילו ניט זיין וואָס צו פאַרזעצן! — און איך האָב זיך צעוויינט ווי קליין קינד.

— ס'קאָן ניט זיין! — זאָגט ער.

— שאַ! — זאָג איך, — אפשר דער זעלביקער גנב, וואָס האָט דיין זייגער אַרויסגע'גנב'עט ביי דיר אין סאָבוועי, איז דיר נאָכגעגאַנגען ביז אַהיים?...

— רעד ניט קיין נאַרישקייט! — זאָגט ער, — ס'וועט זיך אָפּזוכן דער שאָדן! — און אַז ער האָט גענומען זוכן און מיר איבערגעקערט די שטוב האָרע־קאָרע, רופט ער זיך אָן צו מיר: — פאָלג מיך, שרה'לע, האָב עס אין דר'ערד! ווען איך וועל געווינען אין די „סוויפּסטעיק" וועל איך דיר קויפן דיימענטס, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ווייב פון אַ קלאָוקס־אָפּערעיטאָר...

— צו וואָס טויגן מיר דיימענטס? — זאָג איך, — אַז איך זאָג אַזאַ טייערן בריליאַנט, ווי דו ביסט, פאַר אַ מאַן?

בקיצור, אַוועק אַ פּאָר וואָכן, פאַלט מיר אַריין אַ בריוול אין האַנט, ווי איינער שרייבט צו מיין מאַן: „סעם, טאַמער קומסטו ניט די וואָך אויסלייזן די דימענטענע אוירינגלעך, וועל איך זיי פאַרקויפן..." איצט איז מיר שוין קלאָר געוואָרן, וואו ס'איז מיין מאַנס גילדענער זייגער, וואָס מיינע טאַטע־מאַמע האָבן אים געגעבן אַ מתנה צו אונדזער חתונה, און וואו זיינע גילדענע ציין זיינען אַהינגעקומען...

וואָס איך האָב געטאָן? פרעגט איר, איך האָב אָפּגעווישט די ליפּן, און שאַ שטיל! אַ קניפּ אין דער באַק און די פאַרב זאָל שטיין!... וואָרים איך בין דאָך ניט ווי מיין שוויגער, וואָס פלעגט מאַכן לייטיש־געו־

לעכטער און זיך רייסן די האָר פון קאָפּ, ווען דער שווער האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, וואָס ס'האָט טאַקע געקאָנט פּלאַצן די גאַל. און וואָס, מיינט איר, האָט מיין שוויגער אויסגעפירט? זי האָט זיך אַזוי לאַנג געריסן די האָר פון קאָפּ, ביז זי איז אַראָפּ פון זינען און מען האָט זי אַוועקגענומען אַ געבונדענע אין אַ משוגעים־הויז, פון וואַנען זי איז שוין ניט געקו־מען צוריק ..

די אונטערשטע שורה: הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן: ווען־ניט־איז וועט מען מיין מאַן אויך ברענגען אַהיים אין אַ ליילעך, ווי דעם טאַטן זיינעם. פון קבר זאָל דאָס אים נאָר אַרויסוואַרפן און אַלע קאַרטיאָזשני־קעס אַריינוואַרפן, אַז מען זאָל שוין אַמאָל קאָנען אָפּכאַפּן דעם אָטעם...

# צרות פון רעדאַקטאָרן

ס'איז מיר פיל מאָל אויסגעקומען צו הערן פאַרשידענע מעשיות פון שרייבער, וואָס זיי ליידן זיך אָן פון זייערע רעדאַקטאָרן.

איינער האָט אויף מיר גאָר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. ער האָט מיר דערציילט, וואָס פאַר אַ פּרא אָדם זיין רעדאַקטאָר איז, ווי אַזוי ער האַלט זיך ווי אַ קייסער און וויל, אַז יעדערער זאָל זיך בוקן פאַר אים. אין טאָמער קומט אַריין אַ נייער שרייבער, וואָס קען נאָך ניט דעם רעדאַקטאָר און ווייסט נאָך ניט, אַז מען דאַרף זיך פאַר אים פאַרנויגן, גיט דער רעדאַקטאָר אַ קוק אויף אים מיט אַזאַ מינע, ווי איינער רעדט: — וואַרט, דו ממזר, דו וועסט שוין ביי מיר האָבן אָפּגעשניטענע יאָר...

הערנדיק אַזוינע מעשיות האָב איך אויסגעמידן זיך באַקענען מיט מיין רעדאַקטאָר, כאָטש איך האָב שוין געשריבן אין זיין צייטונג אַ לענגערע צייט. איך פלעג שיקן מיינע אַרטיקלען דורך דער פּאָטשט, און מיין האָנאָראַר פלעגט מען מיר אָפּשיקן „ספּעשל דעליווערי"...

איינמאָל דערהאַלט איך אַ בריוו פון דער רעדאַקציע: דער רעדאַקטאָר וויל מיך זען!... עס האָט מיר גענומען קלאַפּן אַ צאָן און אַ צאָן!... עפּעס אַ קלייניקייט, דער רעדאַקטאָר וויל מיך זען! — דאָ איז עפּעס ניט גלאַט, — האָב איך געטראַכט, און געכאַפּט די ערשטע באַן, וואָס פירט צו דער רעדאַקציע, און בין אַוועק.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַ רעדאַקציע זעט אויס ווי אַ פּאַלאַץ. און אינעווייניק זיצט דער רעדאַקטאָר אויף אַ גילדענער שטול און קעניגט...

מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ בין איך אַריין אין רעדאַקציע און געפונען דעם רעדאַקטאָר זיצנדיק אויף אַ שוואַרץ בענקל, אָנגעשפּאַרט אויף אַ טשעכאָטנעם טישל צוגעדעקט מיט צעראַטע. פון איין זייט טישל איז געשטאַנען אַ גרויסער קאַסטן, און פון דער צווייטער זייט אַ „וועיסט בעסקעט". אַלע ווײַלע האָט דער רעדאַקטאָר אַרויסגענומען פון קאַסטן אַ מאַנוסקריפּט, איבערגעלייענט אַ פּאָר שורות פונעם ערשטן בלעטל, צו עטלעכע שורות פון נאָך בלעטלעך, אַ שורה פון דעם לעצטן בלעטל און אַריינגעוואָרפן דעם מאַנוסקריפּט אין „וועיסט בעסקעט". איז ווען איך האָב געזען, אַז ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק, האָב איך געגעבן אַ הוסט.

דער רעדאַקטאָר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דערזען, אַז עס שטייט אַ מענטש, האָט ער דעם קאָפּ צוריק אַראָפּגעלאָזט און זיך ווידער פאַר־טיפט אין זיין נאָבעלער אַרבעט...

איך בין געשטאַנען אַזוי לאַנג, ביז ס'האָט מיר אָנגעהויבן חלש'ן דער רעכטער פוס. האָב איך זיך צוגעשפּאַרט אויפן ברעג פון רעדאַקטאָר'ס טישל. דאָס טישל האָט געגעבן אַזאַ קרעכץ, אַז דער רעדאַקטאָר האָט זיך אַ כאַפּ־געטאָן, ווי פון אַ טיפן שלאָף.

צוערשט האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן שטול, זיך אויסגעגלייכט די ביינער, נאָכדעם זיך אויסגעקנאַקט אַלע פינגער, געגעבן אַ לאַנגן געניץ און מיך געפרעגט ווער איך בין, און ווי איך הייס. איך האָב אים דערמאָנט, אַז ער האָט מיר געשריבן אַ בריוול, אַז ער וויל מיך זען. געטראַכט אַ ווײַלע, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איר קענט ניט די נייע אָרטאָגראַפיע.

— נו, און די אַלטע אָרטאָגראַפיע קען איך דען יאָ?

— טויג טאַקע ניט! — זאָגט ער.

— אָבער דאָס שטערט איך דען צו דרוקן מיינע זאַכן?

— אַ ברירה האָב איך? — מאַכט ער, — איך ווער פאַרשוואַרצט פון די מאַנוסקריפּטן, וואָס הינקען אונטער אויף דער עברי. אָבער ווייטער אַזוי קאָן עס ניט גיין! איר מוזט זיך אָנהויבן לערנען!

— לערנען? אַוואו זאָל איך זיך לערנען? ווער וועט מיך לערנען? ס'וועט מיר דאָך ניט אַרונטערפאַלן פון הימל?

— איר דאַרפט גיין אין אַרבעטער־אוניווערזיטעט!

— ס'איז פאָלג מיך אַ גאַנג! ניט געלערנט קיין אלף־בית און אָנ־הויבן גלייך פון גמרא. עפּעס אַ ווערטעלע אויסרייידן דאָס וואָרט „אוני־ווערזיטעט“!?

— שרעקט אייך ניט, — זאָגט ער, — פאַרן וואָרט! אַז מען דאַרף, הויבן זיי דאָרטן אָן אפילו פון אלף־בית...

איך האָב זיך פאַרטראַכט איבערן אוניווערזיטעט, מיט די מאַרמאָרנע ווייסע טרעפּ, און מיט די פּראָפעסאָרן, מיט די לאַנגע, שוואַרצע סורדוטן און מיט די היטלען אויף די קעפּ, ווי ווערעטענעס, אָט ווי איך האָב זיי געזען אין די מואָוויס. האָב איך געוואָלט פרעגן דעם רעדאַקטאָר, צי וועט פאַר מיר, אַ שאַפּ־אַרבעטער, ניט זיין שווער אַריינצוגיין אין אוני־ווערזיטעט? אָבער דער רעדאַקטאָר האָט שוין ווידער געהאַלטן דעם קאָפּ אין קאַסטן מיט די מאַנוסקריפּטן... בקיצור, מיט דריי מאָנאַטן שפּע־טער בין איך שוין ווידער געשטאַנען פאַרן רעדאַקטאָר. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיט פרייד אויסגערופן:

— חבר. איר האָט אין אוניווערזיטעט געמאַכט גוואַלדיקן פאָרשריט! אין אייער לעצטן אַרטיקל האָט איר אינגאַנצן געהאַט פינף־און־צוואַנציק גרייזן.

— פינף־און־צוואַנציק גרייזן! — האָב איך געפרעגט מיט שרעק.

— דאָס איז שוין גאָלד! — האָט מיך דער רעדאַקטאָר באַרואיקט.

— הלוואי האַלט איך שוין אַזוי ווייט מיט די איבעריקע מאַנוסקריפּטן...

# באַשערט אַ גליק

איך מעגט מיר אָפּגעבן מזל־טוב... מיין טאָכטער איז מיט מזל אַ כלה געוואָרן. און אַ חתן נעמט זי, אויף אַלע אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן, חוץ איר שאָדן. פון וואָס ער מאַכט אַ לעבן? וואָס אַרט איך, ער איז שוין אַ פאַרזאָרגטער. לאָמיר שוין האַלטן אַזוי ווייט מיט אונדזערע מענער.

איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב ניט געוואָלט פאַר מיין מיידל קיין אַרבעטער, ווי איינער וויל ניט שטאַרבן. און מיין מאַן, ווידער, האָט ניט געוואָלט הערן פון קיין ביזנעסמאַן. האָט אונדז גאָט אָנגעשיקט אַ גליק. ווי ס'קומט צו אונדז אַזאַ גליק, זאָלט איר גאָרניט פרעגן. ווען ס'איז באַשערט, קומט עס גלייך אין שטוב אַריין!

וואָס־זשע לויפט איר? איך וויל דאָך אייך דערציילן פונעם שידוך. ניישקשה, די אַרבעט איערע וועט קיינער ניט אויסכאַפּן.

ס'איז אַזוי געווען די מעשה: אַ דאָקטאָר איז נאָכגעלאָפן מיין מיידל אפשר אַ יאָר צייט. ס'הייסט, קיין דאָקטאָר איז ער נאָך ניט, אָבער ער גייט אין קאָלעדזש דעם ערשטן יאָר. אַז ער וועט ענדיקן דעם קאָלעדזש, אין דריי יאָר אַרום, וועט ער דאַרפן גיין פיר יאָר אין אַן אַנדער קאָלעדזש. און אַז ער וועט פטור ווערן פון ביידע קאָלעדזשעס, וועט ער זיך דאַרפן מוטשען אַ פּאָר יאָר אין אַ האָספּיטאָל. ערשט דאַן וועט ער קריגן ס'גוטע קוויטל אויף דאָקטאָר. און אַז ער וועט שוין ווערן אַ דאָקטאָר, מיינט איר, אַז ער קריגט שוין אַן אוצר? לאָמיר ביידע האָבן די גוטע יאָר, וויפל דאָקטוירים ס'קוקן אויס די אויגן ביז זיי דערלעבן זען ביי זיך אַ פּאַציענט. און טאַקע אין דער אמתן, ווער גייט היינטיקע צייטן צו אַ דאָקטאָר? אַז די רייכע לייט קרענקען ווייניק, מאַכט עס אויס אַרום טויזנט דאָקטוירים פאַר יעדן רייכן פּאַציענט. די אָרעמע ווידער האָבן ניט פאַרוואָס צו גיין צו אַ דאָקטאָר. גייט מען אין די דיספּענסעריס און אין די קליניקס. מען פטר'ט גאַנצע טעג, ביז מען קריגט אַ רפואה אויפן שפּיץ מעסער. אָט דרייט מיר אַ האַנט, שוין עטלעכע יאָר און איך האַלט אין איין גיין אין די דיספּענסעריס און אין די קליניקס, אומעטום, וואו ס'קאָסט קיין געלט ניט... נו, האָבן זיי ביי מיר צוגענומען דעם ווייטיק? לעבן זאָלן זיי אַזוי!

איז וואָס וויל איך אויסברענגען? אַז די דאָקטוירים איז אויך ניטאָ

וואָס מקנא צו זיין... נאָר היינטיקע מיידלעך, אַז זיי דערהערן אַ „פּראָ־פעשאָנעל״, וואָלטן זיי געלאָפן אין פייער. און אַז ער האָט נאָך אַ גע־שליפן ציגגעלע, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. האָט דער דאָקטאָר, וואָס גייט ערשט ס׳ערשטע יאָר אין קאָלעדזש, געגומען צוזאָגן מיין מיידל גאָלדענע בערג. און זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז תורת לאָקשן. ביז — ער האָט איר געקויפט אַ דיימאָנד־רינגל, גרויס ווי אַ גענעץ. און דאָס רינגל, מ׳שטיינס געזאָגט, האָט ער אויך גענומען אויף אויסצאָלן ביי אַ פעדלער. וואָרים, וואו זאָל ער נעמען געלט אויף רינגעלעך, אַז דאָס גאַנצע „דאַבּרע״ מזל זיינס גייט אַוועק אויף קויפן ביכער... האָט ער אָפּגעמאַכט מיט מיין מיידל, אַז אַלע וואָך וועט ער אָפּשפּאָרן אַ דאָלער, איר געבן, אַז זי זאָל צאָלן דעם פעדלער. דער פעדלער איז טאַקע די ערשטע וואָך גע־קומען צו מיר אין הויז נאָכן דאָלער. אָבער אַ פעדלער, האָב איך גע־מיינט, אַוודאי עפּעס אַן אָפּגעלאָזענער אידל... אַז ס׳שטעלט זיך אַריין אַ יונג ווי אַ דעמב! אין צורה אים ניט אַריינצוקוקן. בקיצור, מיין מאַן האָט מיט אים באַלד פאַרפירט אַ שמועס, און געזען מיט וועמען ער גייט צום טיש. לאָזט זיך אויס, אַז ער איז נאָך אַ בחור און זוכט אַ מיידל, וואָס זאָל וויסן, ווי אַזוי צו ריידן מיט אַ מענטשן און זיך באַגיין מיט דער וועלט. און מיין טאָכטער, קענט איר דאָך, — איר דאַרף מען קיין פינגער אין מויל ניט אַריינלייגן... האָט זי אים גענומען שטעלן פראַגעס, און ער איר ענטפערן, ער קאָן אויך פאַר פייער און פאַר וואַסער... הכלל — — — אויף מאָרגן האָט ער זי אָפּגערופן, מען האָט געמאַכט אַ „דעיט״, און ס׳איז אַוועק אַ גאַנג: ער האָט זי גענומען צו קאָנצערטן, טעאַטערס, און אַלע מאָל זי אָפּגעפירט אַהיים מיט אַ טעקסי. ער איז, פאַרשטייט איר מיך, אַ ספּאָרט.

וואָס האָט געזאָגט דערויף דער דאָקטאָר? ווער דאַרף אים דערציילן מעשיות? ווי זאָגט מען: מען גיסט ניט אויס די אומריינע וואַסער, ביז מען האָט ניט קיין ריינע...

די טעג, די וואָכן זיינען געלאָפן, און דער דאָקטאָר האָט געצאָלט פאַרן רינגל, ביז דער פעדלער האָט גענומען ריידן תכלית.

וואָס איז געוואָרן מיטן רינגל? וואָס זאָל ווערן? זי האָט דאָס רינגל אָפּגעגעבן דעם דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט מער ניט געוואָלט צאָלן, האָט דער פעדלער ביי אים צוגענומען דאָס רינגל און דאָס אַוועקגעגעבן צוריק מיין מיידל. און אַזוי זיינען זיי מיט מזל געוואָרן חתן־כלה. איצט גרייטן זיי זיך צו דער חתונה. פאַר מעבל און אַנדערע זאַכן, וואָס אַ הויז דאַרף, זאָרגט ער זיך ניט. ער קאָן נעמען אָן געלט, פון שענסטן און בעסטן, און אַז ער וועט האָבן, וועט ער צאָלן, אַניט, וועט מען

אים אויך ניט איינזעצן. איר שפּילט זיך מיט אים? דאָס איז שוין איינ־מאָל אַ דריי־קאָפּ! איר זעט דאָך, אַז וואָס ער האָט שכל אין פּיאַטע, האָט דער דאָקטאָר ניט אין קאָפּ.

נו, אַז איר איילט זיך, גייט געזונטערהייט. מירטשעם, ביי אייער טאָכטער ניט ערגער!...

# וואָס אַ „פּעיפּער" קאָן מאַכן פון אַ מענטשן

איך זאָגט משוגעת. איר האָט געדאַרפט געווען קענען מיין מאַן, ווען איך האָב מיט אים חתונה געהאַט: אַ שיינער, אַ געזונטער און אַ קלוגער, אַ פּאַרגעניגן געווען מיט אים צו רעדן. האָט ער אָבער באַלד נאָך דער התונה, גענומען לייענען עפּעס אַ „פּעיפּער", וואָס דרוקט די ריכטיקע מעשיות, וואָס מען פרעגט זיך נאָך אויף זיי... און אַז מיין מאַן האָט אָפּגעלייענט אַ פּאָר וואָכן אָט־דעם מיאוס׳ן „פּעיפּער", האָט ער אָנ־געהויבן ריידן ווערטער, אַז מיינע אויערן זאָלן דאָס גאָרניט הערן. וואָלט דאָס מיך ניט געאַרט, ווען ער לאָזט מיך צורו. האָט ער אָבער געקראָגן אַ מאַניע, אַז מען קאָן ניט געפינען קיין אין לייטישע פרוי, מען זאָל אפילו זיפּן דורך אַ געדיכטער זיפּ...

קומט ער פון דער אַרבעט, שליסט ער אויף די טיר שטילערהייט, אַזוי ווי אַ גנב, און גייט אַריין אין הויז, מיט דריבנינקע טריטעלעך און נעמט זוכן פּידקאָוועס פון געפּייגערטע פערד. ער מיינט, אַז ער וועט מיך אויך כאַפּן, אַזוי ווי ס׳שטייט אין זיין פּעיפּער. אַז כאַפּן.. זאָל זיי דער שלאַק, זיסער גאָט!

זעט ער, אַז ער קאָן מיך ניט כאַפּן, טוט ער מיר אַ קוק אין די אויגן און מאַכט אַזוי צו מיר: — עפּעס געפּעלסטו מיר ניט!... — זאָג איך גאָר ניט, נאָר איך ווער אַן אָנגעצונדענע, און ס׳טוט מיר אַ שפּאַר דאָס בלוט אין פּנים.

— זע נאָר, — זאָגט ער, — ווי זי פלאַמט ווי אַ חנוכה־לאָמפּ! ווער איז דאָ היינט געווען?...

קאָן איך שוין מער ניט שווייגן. איך בין דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. רוף איך זיך שוין אָן: — הער נאָר, דו וועסט ניט אויפהערן צאַפּן מיין בלוט? אָט, — זאָג איך, — שפּיל איך דיר אָפּ באַלד אַ חתונה, אַז דו וועסט מיך האָבן צו געדענקען! — מער קאָן איך ניט ריידן, און שיס־אויס מיט אַ געוויין... ערשט דאַן לאָזט ער מיך אָפּ. נאָר איר מיינט, אַז עס העלפט אים? עס נעמט אים גאָר קיין קויל ניט! אויף מאָרגן חזר׳ט זיך איבער די זעלבע שפּיל...

אַמאָל טוט מיר גראַדע ווי ס׳האַרץ אויף אים. וואָרים איך זע, ניט

פאַר אייך געדאַכט, ווי ס'זיצט אין אים עפּעס אַ ניט־גוטער און מוטשעט אים. רעד איך צו אים, ווי צו אַ קינד:

— איציק, — זאָג איך צו אים מיט גוטן, — ווי שעמסטו זיך ניט רעדן צו מיר, אַזוי ווי איך וואָלט, הלילה, געווען ביי דיר אַ ליובאָוו־ניצע? צי האָסטו מיך געפונען אונטער אַ פּלויט, צי וועלכע גוטע יאָר? דו ווייסט, אַז איך ביר דיר אַ גוטער פריינט, אַ געטרייע ווייב, טאָ פּאָלג מיך, איציקל. — זאָג איך, — גיב אַ שפּיי אויף דיין פעיפער, מיט די פּאַסקודנע מעשיות, וואָרים זיי, — זאָג איך — וועלן דיך דאָך טרייבן פון זינען, אַז טרייבן זאָל זיי דאָרטן צו אַלדע שוואַרצע יאָר, טאַטע גע־טרייער!

הערט ער מיך אויס, און רופט זיך אָן:

— ווען דו וואָלסט געלייענט, וואָס ס'דערציילט זיך אין פעיפער וועגן די שטילע ווייבעלעך מיט די גלאַטע צינגעלעך, זיסע ריידעלעך, וואָלסטו שוין געוואוסט, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן!

— אויב אַזוי, — זאָג איך, — זאָל אַרויספּאַלן אויף דיין פעיפער אַ קאַזאַרמע, דערפאַר וואָס זיי טראַכטן דאָרטן אויס אויף אונדז, אָרעמע פרויען, אַזוינע מיאוס'ע מעשיות, וואָס זיינען ניט געשטויגן, ניט גע־פלויגן.

אַנומלטן איז מיין מאַן זיך גאָר מיישב, קומט אַהיים אין מיטן העלן טאָג און קריכט אַריין דורכן „פייער עסקעיפּ". אַ טויטע ביך איך געבליבן פון שרעק. איך האָב דאַן גראַדע אַרומגעפּעינט אַרום סינק.

— וואו האָסטו גענומען פּעינט? — האָט ער אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן פון אַ גזלן.

— מ'פּעינט אין „נעקסט־דאָר", — זאָג איך, — האָב איך געבעטן דעם פּעינטער, האָט ער מיר געגעבן אַ ביסל פּעינט.

— איך האָב געוואוסט, נאָך אינדערפרי, אַז דאָס וועט זיין! — זאָגט ער, — ווען איך האָב נאָר דערזען דעם שיינעם פּעינטער, מיטן עמער פּעינט, האָט מיר באַלד געגעבן אַ טיאָכקע ס'האַרץ, אַז דו וועסט מיט אים ווערן „פּאַני בראַט". האָב איך שוין ניט געקאָנט איינזיצן ביי דער אַרבעט. איבערגעלאָזט „ס'באָנדל", און געקומען אַהיים. האַ־האַ! זי פּעינט טאַקע!...

אָט אַזוי ווי איר הערט... און איר מיינט, אַז נאָר אין דער היים באָדט ער זיך אין מיין בלוט? ווען איך גיי מיט אים ערגעץ, צווישן מענטשן, איז מיר אויך ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. אַז נאָר ס'דאַכט זיך אים אויס, ניט דאָגעדאַכט, אַז איך קוק אויף פרעמדע מענער. כאָטש זיי ליגן מיר אפילו ניט אין דער לינקער פּיאַטע. און טאַקע אין דער

אמת׳ן: עס פעלט מיר שוין מער גאָרניט, צו מיינע זייִדענע קליידער, ווי נאָר צו זוכן פרעמדע מענער? וואָס בין איך דאָ, די גרויסע קראַסאַ־וויצע, צי די גרויסע חכמה, וואָס מענער קוקן אויס די אויגן נאָך מיר? איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב שוין ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז אפילו ווען ער ציט זיך אויס, גיי איך מיט אים מער ניט צווישן מענטשן. וואָס דאַרפט איר מער: מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק האָט אייער מאַן אים אַרײַנגענומען אַלס מיטגליד אין זיין קלוב. פרעגט, צי איז ער נאָך געגאַנגען צו איין מיטינג? זיצט גאַנצע אָוונטן אין הויז און היט מיר די נשמה...

נעכטן אָוונט טו איך זיך אָן אַוועקצוגיין, רופט ער זיך אָן:

— וואוהין גייסטו שוין?

— איך גיי, — זאָג איך, — מיט דער מרס. קעלער צו אַ לעקציע.

— זע נאָר, — מאַכט ער, — ווי עס ציט זי ווי מיט שטריק אַרויס פון הויז... איך האָב מורא, — מאַכט ער, — אַז עס פאַנגען זיך שוין אָן מיינע צרות... פונקט ווי מיט יענעם „אומגליקלעכן מאַן”... דאָרטן האָט זיך עס אויך אָנגעהויבן פון אַ לעקציע...

— נו, זאָגט אַליין, צי דאַרף איך ניט זיין פון שרה, רבקה, רחל, לאה אויסצוהאַלטן פון אַזאַ משוגעת? און דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם „פעיפער” פון די מיאוס׳ע מעשיות, וואָס זיי טראַכטן דאָרט אויס. הלוואי וואָלט איך געקאָנט שרייבן, וואָלט איך דערציילט פאַר דער וועלט, וואָס אָט־דער „פעיפער” האָט געמאַכט פון מיין מאַן...

# קורסן

פון וואַנען איך טראָג זיך מיט די ביכער? פון די „קורסן“. וואָס קוקט איר מיך אָן, ווי איך וואָלט ניט גערעדט צו דער זאַך? איך ווייס. ס׳קומט אייך פּאָר מאָדנע... ס׳איז מיר אויך ניט גרינג אָנגעקומען ביז — איך האָב ביי זיך געפּועלט צו נעמען כאָטש איין קורס. ווייל ווען מען איז טעטיק אין אַן אָרגאַניזאַציע פאָדערט מען פון אייך, אַז איר זאָלט אָנשרייבן אַ באַריכט, אַמאָל אַ באַגריסונג. קאָן מען דאָך ניט זאָגן, אַז מ׳הינקט אונטער אויף דער עברי... דרייט מען זיך אַרויס מיט אַ תירוץ... אָבער אייביק קאָן מען זיך דאָך ניט אַרויסדרייען... זעט מען שוין איין, אַז מען דאַרף זיך אויסלערנען כאָטש אַ קאַפּיטשקע אידיש...

גייט מען אין אַזאַ שול, און אַז מ׳איז שוין דאָרטן, טראַכט מען, אַז מען מוז אויך נעמען דעם קורס „אָרגאַניזאַציע“. פּשוט זיך אויסלערנען, ווי אַזוי צו פירן אַ מיטינג, אַז מען זאָל ניט דאַרפן אַוועקהרג׳ענען שטונדן לאַנג אויף פּוסטע רייד. און פאַרבייגייענדיק, כאַפּט מען זיך שוין אַריין אין קלאַס פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

און דעם קורס מאַרקסיזם און לעניניזם דאַרף מען דאָך אַוודאי, ווי מ׳דאַרף ס׳לעבן: וואָרים, לאָמיר זיך ניט נאַרן: ווי אַזוי קאָנט איר אויפקלערן אַנדערע, ווען איר פאַרשטייט אַליין ניט די פּרינציפּן פון מאַרקסיזם? און דעם קורס „געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג“ קאָן מען אויך ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. צי נעמט דעם קורס „אַנטראָפּאָלאָגיע“ — איז ווען איר האָט ניט געלערנט די אַנטשטייאונג פון מענטשן ווייסט איר דאָך ניט, ווער ס׳האָט אייך געשלייערט.

נו, און די אַנטוויקלונג פון רעליגיע און ליטעראַטור דאַרף אַן אינטעליגענטער אַרבעטער ניט וויסן?

אָט האָב איך אייך געפרעגט אַ פּשוטע פראַגע: „וואָס איז דער אונטערשייד פון אַ ליטעראַריש קונסט־ווערק און שונד־ליטעראַטור?“, האָט איר מיר געענטפערט מיט אַן איראָניש שמייכעלע: „ווי קומען צו מיר אַזוינע זאַכן? איך גיי דאָך ניט אויף די קורסן“...

מעגט איר טאַקע מאַכן חוזק, אָבער אַז איר וועט אַ כאַפּ טאָן אַ סטודענט פון די קורסן, איז וואָס איר וועט אים פרעגן וועגן ליטעראַטור, וועט ער אייך ענטפערן איינס און צוויי!

צום ביישפּיל: וואָס מיינט סטיל, ראָמאַנטיק אין דער ליטעראַטור, רעאַליזם, ליריק און נאָך אַזוינע זאַכן, ווייסט ער. און פאַרוואָס ווייסט ער? איר מיינט, אַז ס׳איז אים אַריינגעפלויגן אין קאָפּ דורכן שטערן? ער האָט געלערנט, ווייסט ער!

אָט נעמט מיך, למשל: ס׳ערשטע האָב איך זיך גענומען צו דער גראַמאַטיק, זיינען מיר געפלויגן פונקען פון די אויגן, ביז איך האָב מיר איינגעקלאַפּט אין קאָפּ די פּאַרטיציפּן, אַדזשעקטיוון, סאבסטאנטיוון, אָבּיעקטיוון און סוביעקטיוון.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה: זאַץ־סטרוקטור. דאָס איז שוין גאָר געווען אַ שטראָף פון גאָט: קורצע זאַצן, לאַנגע זאַצן, צו־זאַמען־זאַצן און גלאַט זאַצן...

אָבער איצט, ווען איר וועקט מיך אויף פון אַ טיפן שלאָף, און טוט מיך אַ פרעג: וואָס מיינט „זאַצגלידער", „וואָרט־קלאַסן", וועל איך אייך ענטפערן אַקוראַט, אפילו מיט פאַרמאַכטע אויגן...

איר לאַכט שוין ווידער מיט אייער איראָניש שמייכעלע? אַ מאָדנע שמייכעלע ביי אייך. כ׳לעבן, איר מעגט עס אַיועקוואַרפן און טאַקע אַליין אָנהויבן גיין אויף קורסן!..

# אַ שמועס ביים פּאַרוויגן אַ קינד

— זעט נאָר מיין אומגליק: שוין באַלד אַ שעה צייט, ווי איך וויג אָט־דעם שד און ס׳נעמט אים גאָר קיין שלאָף ניט. ליגט מיט אויס־געוואַשענע אויגן, און פון מיר פאַלן שטיקער פלייש. איך האָב טויזנט אַרבעטן און דאַרף נאָך לויפן ברענגען מיין מיידעלע פון סקול. און כאָטש נעם און צערייס זיך, ווייל ער ניט איינשלאָפן... אייך איז גוט, די קינ־דער שוין אויפגעצויגן, זייט איר אַ פריצטע, און ווייסט פון אַ לעבן צו זאָגן.

— ווער ס׳איז מיר מקנא, זאָל אויף מיין שטייגער קומען. יעדן דאַכט זיך, אַז ביי יענעם לאַכט זיך.

— נו, יאָ, קיינער ווייסט ניט וועמען דער שוך קוועטשט .. די עלטסטע מיינע איז ערשט פערצן יאָר אַלט. און דאָס ברענט שוין אַ וועלט! גיב איר כאָטש אַלע טאָג אויף סיגאַרעטס.

— גיט מען ניט!

— לייכט צו זאָגן: גיט מען ניט. איר׳ט געמעגט זען, ווי זי הויבט אָן צו קוויטשען, טופען מיט די פיס, כאָטש נעם און טרעט איר אָפּ די שטוב. „וואָס ווילסטו", זאָגט זי, „איך זאָל בלייבן, אַ בעק נאָמבער׳? אַלע מיינע פריינדינעס רויכערן, מאַכן פּאַרטיס אין הויז, ס׳קומען אינג־לעך און מיידלעך, מ׳טאַנצט און מ׳הוליעט ביז אין ווייסן טאָג אַריין. און זיי זיינען נאָך אינגער פון מיר"... נו, גייט, טענה׳ט זיך אויס מיט איר...

איצט האָב איך צו טאָן מיט מיין אינגעלע. ס׳האָבן אים אָנגעהויבן געשוואָלן ווערן די פיסלעך, ניט פאַר אייך געדאַכט. דריי מאָל אין וואָך וואַלגער איך זיך מיטן קינד אין די דיספּענסעריס. און ווען איך קום אַהיים, איז שוין פאַרנאַכט. אין הויז איז אַן איבערקערעניש: דאָס האַרץ פאַלט מיר שיעור ניט אַרויס. די קינדער ווילן אויך עסן, די בעיבי וויינט. ווייס איך ניט וואָס פריער: צי עפּעס נעמען אַליין אין מויל, אָנזויגן ס׳קינד, געבן עסן די גרעסערע קינדער, צושטעלן סאַפּער. וואָ־רים, ווען מיין מאַן קומט פון דער אַרבעט, איז ער נעבעך אַזוי פאַרמאַ־טערט, אַז אויב ס׳עסן שטייט ניט אויפן טיש, ציט ער זיך אויס אויפן בעט און ווערט אַנשלאָפן אָן וועטשערע... אַמאָל וועל גאָר איינגעמען די געז אָדער זיך אַרויסוואַרפן פון פענצטער. וואָרים ווי לאַנג קאָן אַ מענטש זיך אַזוי מוטשען...

— באַהיטן זאָלסטו מיך, גאָט, פון אַזאַ מחשבה... ווי טראַכט דאָס אַ מאַמע איבערלאָזן קינדער ווי אויפן וואַסער און שפּרינגען פון פענצ־טער? גלויבט מיר, אַז איך לעק אויך ניט קיין האָניק. און ווען איך זאָל מיך נעמען דערציילן, וואָס איך האָב זיך שוין אָנגעליטן, וואָלט איר אַליין געזאָגט, אַז וואָס אַ פרוי קאָן איבערטראָגן צרות, וואָלטן דאָס קיין צען מענער ניט דערשלעפּן. ס'איז גענוג פאַר אַ מאַמען, ווען זי האָט פינף טעכטער אין די יאָרן, מען שניידט זיך די פינגער פאַר אַ סענט. און וואָס די אויסגעווייקטע קינדער ברענגען ניט אַריין, איז ניטאָ, וואָ־רים זינט ביי מיין מאַן האָבן גענומען ציטערן די הענט, האָט ער נאָך קיין נאָדל אין האַנט ניט גענומען... איז ווער פאַרלייגט מיטן קאָפּ? די מאַמע! אַליין וואַשן, פּרעסן, ראַמען, נייען, לאַטען, אַניט, וואָלט דאָך ניט געקלעקט די חלה אויף אַ מוציא... איז וואָלטן כאָטש ניט צוגעפאַלן אַלע מאָל קיין נייע צרות...

— וואָס פאַר אַ צרות, אַשטייגער? איינער וויינט, די פּערל זיינען ביי אים שיטער; דער צווייטער וויינט, אַז דער קוילעטש איז אים ביטער. איז, וואָס הייסט ביי אייך צרות?

— קיין מאַמען זאָל דאָס גאָרניט צוקומען. אַנומלטן האָט מיין עלטסטע טאָכטער אָנגעהויבן אויסגיין מיט אַ יונגנמאַן. אַלע אָוונט פלעגט ער קו־מען און אָפּזיצן ביז האַלבער נאַכט. איר שוין אפילו געגעבן אַ „פּרעזענד־שיפּ־רינג". מ'האָט שוין גערעדט אויף ווען אָפּצושטעלן די חתונה... מיטאַמאָל איז ער אויסגערונען געוואָרן... אַוועק, ווי דער שבת־קודש גייט אַוועק. ליגט זי טאָג און נאַכט אין בעט. איך קאָן ריידן צו איר צעזעצטערהייט, ענטפערט זי ניט. פריער פלעגט זי כאָטש וויינען. איצט ניט זי וויינט, ניט זי שלאָפט, ניט זי עסט. צאַנקט ווי אַ ליכט... און די מאַמע דאַרף דאָס צוזען און זיך רייסן די האָר פון קאָפּ.

— דערפאַר זייט איר נעבעך גרוי ווי אַ טויב?

— גרוי בין איך געוואָרן פון אַן אַנדער אומגליק. מיט אַ צייט צו־ריק, אין אַ שבת אָוונט, קומט אַריין אַ שכנה און זאָגט, אַז זי האָט צוויי „פּעסעס" צו אַ פאָרשטעלונג, זאָל איך מיטגיין מיט איר. מען קאָן, זאָגט זי, דאָרט זען, ווי פרויען פאַרקויפן מענער פאַר ווייסע שקלאַפן. זאָג איך:

— מיין מיזיניקל איז עפּעס ניט מיט אַלעמען, וויל איך אים ניט איבערלאָזן אַליין.

— וואָס הייסט אַליין? — רופט זיך אָן מיין מאַן, — איך בין דאָך דאָ.

— מיט וואָס, — זאָג איך אים, — בין איך באַוואָרנט, אַז ס'וועט דיך ניט נעמען דורשטן, און דו וועסט זיך אַרויסכאַפּן נאָך אַ טרונק, פּונקט

ווי דאָ, ווען איך בין געגאַנגען צו־קינד, און דו ביסט אַרונטער טע־לעפאָנירן דעם דאָקטאָר און געקומען אויף מאָרגן אַהיים ריין ווי אַ טע־לער ?...

— באַהיט זאָל מען ווערן, — זאָגט ער בייז, — פון אַזאַ זכרון...

איך האָב זיך געלאָזט איינריידן און בין אַוועק מיט דער שכנה אין טעאַטער, קוים אויסגעזעסן צוויי אַקטן. ס'האָט מיך ניט געלאָזט איינ־זיצן... געקומען אַהיים. האָב איך געטראָפן ס'קינד הייס ווי פייער, און מיט אַ פינגערל האָט ער מיר געוויזן, אַז ס'וואַרגט אים אין העלדזל. האָב איך געוואָלט רופן אַ דאָקטאָר, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז מיין מאַן האָט אויסגעליקווידירט מיין בייטעלע ביז אַ סענט... אַ פּאָר טעג האָט דאָס קינד געפיבערט און איך האָב ניט געהאַט מיט וואָס דאָס צו ראַטעווען... אָט אַזוי האָב איך פאַרשפּילט אַ קינד...

— איך האָב אייך נאָך ניט דערציילט, ווי אַזוי איך אַליין האָב ניט לאַנג צוריק געשפּילט מיטן לעבן. פון דער העלער הויט האָב איך אָנ־געהויבן פילן שלעכט און שוואַך, אַזוי, אַז איך האָב ניט געקאָנט שטיין אויף די פיס. און וואָס איך האָב געגעסן, איז מיר געשטאַנען אונטערן האַרצן. אפילו אַביסל קאַווע, אָדער טיי האָב איך ניט געקענט פאַרדייען... און וואָס אַ טאָג אַלץ ערגער און ערגער. ביז איך אַוועק אין די דיס־פּענסעריס. האָט מיך אונטערזוכט — איין דאָקטאָר און אַ צווייטער, און ביידע האָבן געזאָגט, אַז איך האָב גאַל־שטיינער און מוז מיך לאָזן אָפּע־רירן, און וואָס פריער, איז בעסער... איז וואָלט איך געקאָנט, וואָלט איך געגאַנגען פריער צו אַ פּראָפעסאָר, איידער איך בין געגאַנגען אונטערן מעסער. אָבער, אַז ס'איז ניטאָ מיט וואָס זיך צו ראַטעווען, מוז מען זיך פאַרלאָזן אויף די דיספּענסערי דאָקטוירים... וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען, איין טאָג איז מיר געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז איך האָב ביי קיי־נעם ניט געפרעגט, גענומען אויף זיך אַ סוועדער און בין אַוועק אין שפּיטאָל... דאָרט האָט מען ביי מיר ניט געפונען, ניט קיין גאַל און ניט קיין שטיינער... אומזיסט מיך געשניטן... וואָס מ'האָט יאָ אויסגעפונען איז, אַז איך בין אין דריטן מאָנאַט... אָט דאָס איז עס טאַקע, וואָס איך וויג איצט: מיין קדיש'ל...

# צוליב אַ פּאָליסי

איך זאָגט, אַז אַרבעטער דאַרפן זיך האַלטן, ווי ברידער. אדרבא, געפּינט טאַקע אויס אַזאַ „פּעטן". אַז בסך־הכל, ווען איינער קאָן דעם אַנ־דערן הערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער, וואָלט ער אפילו ניט געגעבן אַ פינטל מיט אַן אויג. זאָגט איר, אַז מען דאַרף זיך האַלטן ווי ברידער...

איך אַליין בין אַ „פּעינטער", און אַרבעט מיט נאָך אַ מאַן ביי איין באָס. איך דאַרף מיך ניט באַרימען פאַר אייך, נאָר ווען איך וויל, וואָלט איך געקאָנט דעם אַנדערן פאַרשטעקן אין גאַרטל. איך טראַכט בלויז. אַ כאַליערע וועט ניט כאַפּן דעם באָס, אַז דער דזשאָב וועט ווערן פאַרטיק אַ ביסל שפּעטער... אָבער ער איז גראַדע אַ מבין אויף אַ טשאַד. זאָגט ער צו מיר:

— אַז ער קריכט, דאַרפסטו אויך קריכן? דו פאַר!

— וואָס איז די איילעניש? — זאָג איך, — די באָד ברענט? — און איך טו מיר מיינס...

איינמאָל, האָבן מיר געדאַרפט מאַכן אַ „פלעט". איז יענער פּעינטער געקומען פריער און האָט זיך געשטעלט אַרבעטן. אָבער ווי די מיסעס פון הויז האָט הערזען דעם גרינעם, איז זי אַראָפּ צום באַלעבאָס מיט אַ גוואַלד:

— וואָס פאַר אַ פּעינטער האָט איר מיר געשיקט? ס'ציטערן דאָך ביי אים די הענט!

נו, איר פאַרשטייט דאָך, אַז עס ציטערן ביי אים די הענט, דאַרף ער זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט... און וואָס, מיינט איר, איז איר מאַן, אַ גובערנאַטאָר? אַן אונטערפּרעסער, „דאַטס אָל!" אָבער ניט דאָס בין איך אויסן. איך בין פאַרקראָכן קיין בויבעריק. וואָס איך וויל אייך אויסברענ־גען איז אַן אַנדער זאַך. איך מיטן אַנדערן פּעינטער האָבן אָפּגעמאַכט, אַז ווייטער אַזוי קאָן עס ניט גיין. מען אַרבעט ווי די פערד און אַז עס קומט מען דאַרף באַצאָלן רענט, איז כאַטש שטעל אַרויס די צונג. אַנומלטן, האָב איך ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן דעם דאָקטאָר. אַ קינד איז ביי מיר זייער קראַנק געוואָרן, האָב איך געמוזט פאַרזעצן מיין סיגנעט און דעם קינדס בראַסליעט, כדי האָבן אויפן דאָקטאָר. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן... איך מיטן פּעינטער זיינען אַוועק צום באָס בעטן אַ „רעיז", איז ווי נאָר דער באַלעבאָס האָט אונדז דערזען, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען פון וואַנען דער ווינט בלאָזט... געהייסן דערלאַנגען אַביסל שנאַפּס און צובייסן. יענער פלאָקן־שיסער האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער סעודה ווי נאָך אַ תענית. האָב איך אויף אים געגעבן אַזאַ קוק, אַז דער ביסן האָט האָט זיך אים אַזש געשטעלט פאַפּערעק.

מאַכט דער באָס אַזוי ווייך, כאָטש לייג אים צו צו אַ מכה:

— אויב איר זייט געקומען, קינדער, ווילט איר דאָך מסתמא עפּעס?

ענטפערט יענער גולם:

— איך וויל גאָרניט. ער וויל, — און ווייזט אָן אויף מיר מיטן פינגער.

נו, וואָס וועט איר איצט זאָגן? אַרבעטער דאַרפן זיך האַלטן ווי ברידער!

פונדעסטוועגן, ווען מיר זיינען נאָכדעם געשטאַנען אין אַ ברענענדיקן הייסן טאָג און געפּעינט אַ „פּייער־עסקעיפּ", און איך האָב דערזען, ווי דאָס העמד איז אויף יענעם נאַס און קוים, קוים, וואָס ער רירט מיט דער בראָש, האָט מיר אָנגעכאַפּט ביים האַרצן... אָט אַזאַ מענטש בין איך שוין. אין דעם לויפט מיר דורך אַ געדאַנק און איך טו אַ פרעג דעם פּעינטער:

— דער באָס האָט אַ „פּאָליסי"?

— הלוואי, — זאָגט ער, — איז מיין ווייב אַזוי פאַרזאָרגט.

— בהמה! — זאָג איך, — איך מיין, צי דער באָס האָט אַן „עקסי־דענט פּאָליסי"?

בקיצור, מיר זיינען אַוועק צום באָס און מיר האָבן טאַקע געטראָפן... וואָס מיר פּאָליסי, ווער מיר פּאָליסי! און דער באַלעבאָס האָט זיך נאָך אויף אונדז צעשריגן: — זע נאָר די גרויסע פּאַרדינער, נאָר אַ פּאָליסי פעלט זיי! — ווי אים וואָלט נאָך געקומען אַרויסצוצאָלן. הכלל, מיר זיינען אַוועק אַהיים, ביז דער באָס וועט אַרויסנעמען אַן „עקסידענט פּאָ־ליסי".

אויף מאָרגן אינדערפרי, מיר קומען צו צום הויז, ס'שטייט שוין אַן אַנדער פּעינטער און פּעינט די פייער־עסקעיפּס...

— העי, דו, קום אַרונטער! מיר סטרייקן!

קוקט ער זיך אום און קוועלט ווי אַ באָקסער...

— העי, דו לאַכודרע! דער באָס האָט ניט קיין פּאָליסי! — שריי איך אויף אַלע כלים.

— זאָל זיין ווייב זיך זאָרגן, — ענטפערט ער און רירט זיך ניט פון אָרט...

וואָס איז געוועזן דער סוף? אַ מענטש האָט דאָך נאָר אַ גאַל, און אַ גאַל איז ביטער, איז ווי נאָר ער איז אַרונטער „לאָנטש טאַים", דער פּעינ־טער, האָב איך אים צווישן יאָ און ניין אַזוי צעפּאַטשט, אַז ער וועט שוין פאַרזאָגן קינד'ס קינדער, ווי אַזוי צוצונעמען ביי יענעם דעם ביסן פון מויל...

# אַ מוסטער פון שווערער אויפקלערונג

אין אַרבעטער־קלוב פלעגט מען אים, בערלען, אָפט אויפמערק־זאַם מאַכן, אַז ער זאָל ווייניקער באַנוצן די אַלגעמיינע פראַזן און אומפאָ־פולערע ווערטער און אויסדרוקן. אָבער ער האָט געמיינט, אַז מען פאַר־גינט אים ניט זיין אינטעליגענץ. דעריבער פלעגט ער זיך סטאַרען מיט אַלע כוחות צו רעדן אַנדערש, ווי מ׳האָט געוויינלעך גערעדט, און אויס־געלאָדט ביי יעדער געלעגנהייט אַלע לאָזונגען, פראַזן און ווערטער, וואָס ער האָט געקראָגן ערגעץ אין אַ זשורנאַל, בראָשור אָדער צייטונג.

האָט מען שוין געוואוסט אין קלוב, אַז ווען בערל רעדט, למשל, וועגן „הערמאַנישן אויסברוך פון דעם הויז־פּראָלעטאַריאַט", רעדט ער פשוט וועגן צוגרייטונגען צו אַ רענט־סטרייק. אָדער ווען ער זאָגט: „די דיאַלעקטישע עוואָלוציע פון די אַנטאַגאָניזמען", מיינט ער, דעם סכסוך פון קלוב וועגן די נייע קלוב־צימערן . .

איינמאָל איז אים אויסגעקומען אויפקלערן אַ קליינבירגערלעכער פרוי, וועלכע אימיצער האָט אַריינגעבראַכט אַלס קלוב־מיטגליד. האָט זיך בערל אַ נעם־געטאָן מיט די האַזיקע ווערטער:

— אונדזער קלוב איז אַ קינד געבוירן אין דער שענדלעכער וואַק־כאַנאַליע.

פרוי: — נעבעך! — און פאַרברעכט מיט די הענט.

בערל: — מיר, אַ גרופּע ענטוזיאַסטישע וועטעראַנען האָבן אויף זיך גענומען די קאָלאָסאַלע אויפגאַבע צו שאַפן אַן אַוואַנגאַרד פאַרן לינקן פליגל.

פרוי: — אַזוי, דער לינקער פליגל. און וואָס איז דער מער מיטן רעכטן פליגל?

בערל: — דער רעכטער פליגל איז געל און שוואַרץ. און דער לינקער פליגל איז רויט, ווי דאָס ברויזנדיקע בלוט פון פּראָלעטאַריאַט.

פרוי: — מסתמא ווייסט איר דאָך וואָס איר רעדט.

בערל: — און איצט, אַז איר זייט איינשטימיק מיט די קאַרדינאַלע פּרינציפּן פון מאַרקסיזם־לעניניזם, צאָלט איין אַ קוואָדער, און איך נעם אייך אַריין אַלס סאָלדאַט אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. . .

ווען בערל האָט זיך אָפּגעקערעוועט, האָט די פרוי זיך אַרויסגעכאַפּט פון קלוב. און ווען זי איז שוין געווען אָפּגעלאָפן אַ פּאָר בלאָק און האָט זיך אומגעקוקט און געזען, אַז קיינער לויפט איר ניט נאָך, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— נאָך אַזוי אויך גוט אָפּגעשניטן!...

# דער „פּרינץ"

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ מוטער)

מיין טאָכטער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ בחור אַ פּאָר יאָר. דאָס איז ניט געווען גלאַט עפּעס אַ יונג: אַ שיינער, אַ הויכער ווי אַ טאָפּאָליע, מיט צוויי ברענענדיקע אויגן און מיט אַ פאַרפירעריש שמייכעלע, וואָס איז אים ניט אַראָפּ פון די ליפּן... און מיין טאָכטער איז אויך ניט געווען קיין שיפּע־זיבעלע: יונג, שיין, געזונט, אין איר פּנים ניט אַריינ־צוקוקן, ווי אין דער זון. און פאַרליבט איז זי געווען אין אָט־דעם בחור מיטן גאַנצן האַרצן, מיט לייב און לעבן. קיין אַנדער נאָמען האָט ער ביי איר ניט געהאַט ווי „פּרינץ טשאַרמינג", אַ נאָמען פון אַ ראָמאַן, וואָס זי האָט געלייענט. ער האָט טאַקע געשיינט ווי די זון. אָבער וואָס טויג דער גילדענער בעכער, ווען ער איז פול מיט טרערן?... אָט דער יונג איז געווען פון די מענטשן, וואָס ווערן קיינמאָל ניט גרוי — ניט פון אייגענע צרות און אַוודאי ניט פון פרעמדע...

איין מאָל גיב איך זי אַ פרעג, מיין טאָכטער:

— ווי לאַנג דענקסטו נאָך זיך אַרומשלעפּן מיט דיין „פּרינץ"? שוין צייט, כ'לעבן, אַז ער זאָל דיך מאַכן פאַרן זיין „פּרינצעסין". נישקשה, ס'מעג אים אָנשטיין...

צעלאַכט זי זיך מיט איר קלינגענדיק געלעכטערל, וואָס איז ווי אַ גילדן גלעקעלע, און מאַכט אַזוי:

— וואָס האָב איך קיין צייט ניט? איך בין דאָך ערשט אַלט אַכצן יאָר...

געזען, אַז איך קאָן מיט איר גאָרניט מאַכן, האָב איך גענומען דעם בחור אויפן צימבל.

— שוין אַ צייט, — זאָג איך צו אים, — ווי דו גייסט אַרום מיט מיין טאָכטער. און איך זע נאָך אַלץ ניט קיין לאַנד. דאָס קינד מוז דאָך אַמאָל האָבן אַ נאָמען.

מאַכט ער צו מיר:

— ס'איז מיר אַ חידוש אויף איך. איר זענט דאָך ניט קיין נאַ־רישע אידענע, וואָלט איר געמעגט וויסן, אַז הייַנטיקע צייט צו נעמען אַ ווייב דאַרף מען זיך גוט אונטערגאַרטלען, און איך בין אַ קליינער פאַר־

דינער. ווער איך דאָך ניט נעמען פריש, געזונט און משוגע און זיך פאַר־ציען אַ שטריק אויפן האַלדז.

— טאָ לאָז זי אָפּ! — זאָג איך.

— האָט קיין יסורים ניט, זאָגט ער, — אייער טאָכטער איז אַ קלוג מיידל, וועט זי ניט נעמען און אויסגיסן די אומריינע וואַסער, ביז זי וועט ניט האָבן קיין ריינע... נאָר אויב איר ווילט גראָדע אַ תכלית, שטעלט מיך אַריין אין אַ ביזנעס, מאַכט אונדז אַ שיינע היים, וועט איר אונדז קאָנען מיט מזל פירן צו דער חופה.

— וואָס הייסט, איך זאָל דיך אַריינשטעלן אין אַ ביזנעס? וואָס בין איך אַ מיליאָנערשע?

— איר זענט טאַקע ניט קיין מיליאָנערשע. אָבער ווען איך האָב אייער געלט, וואָלט איך געברענט אַ וועלט!

— פון וואַנען איז געדרונגען, אַז איך האָב געלט? — פרעג איך אים.

— ס'איז אַ פּראָסטער שכל, — זאָגט ער, — אַ גאַנצן לעבן אַרבעט איר אין שעפּער, און אייער מאַן, זאָל ער מיר מוחל זיין, איז אויך געווען אַן איינרייסער, טאָ נעמט אָן די גוטע עצה פון אַ קלוגן מענטשן און אַ גוטן פריינט, צעקניפּט דאָס קניפּל און באַזאָרגט אייער בת־יחידה מיט אַ ביזנעס, מיט אַ שיינער היים און מיט אַ חתונה, ווי ביי לייטן.

— און ווער וועט מיך באַזאָרגן?

— אַ לייטישע מאַמע, — זאָגט ער, — באַזאָרגט פריער די קינדער, נאָך דעם באַזאָרגט זי זיך...

— אויב אַזוי, — זאָג איך, — האָב איך מיט דיר געטראָפן ווי אַ בלינדער אין גרוב...

און איך האָב זיך גענומען בעטן ביי מיין טאָכטער:

— אַנטלויף פון דעם בחור ווי פון אַ שריפה. ס'רוקט זיך אויף דיר אַ גרויסער אומגליק. וואָרום פון אַזוינע מענער, ווי דיין „פּרינץ" גייען ווייבער יונג פון דער וועלט!

— איך קאָן ניט מאַמע, איך האָב אים ליב! — און ווען זי האָט גע־זאָגט די ווערטער „איך האָב אים ליב" האָבן זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן. דער סוף איז געווען, אַז זי האָט געדונגען אַ צימער און איז אַוועק וואוינען מיט איר „פּרינץ"... איז ווער קאָן אָפּמאָלן אַ מאַמע'ס ווייטיק, ווען איר איינציק קינד גייט אַוועק אויף אַ שלעכטן וועג? נאָר ווי גייט ס'ווערטל: מען זאָל ניט געפּרוווט ווערן, צו וואָס מען קאָן גע־וואוינט ווערן...

ניט ווילנדיק, האָב איך שלום געמאַכט מיטן פּאָרל. ווען מיין טאָכ־טער האָט געדאַרפט געבוירן ס'ערשטע קינד, און קיין געלט אויף מאַכן

אַ היים איז ניט געווען, האָב איך איר אַוועקגעגעבן מיין היים פון דריי צימערן און בין געוואָרן אַ „באָרדערקע" ביי פרעמדע מענטשן. האָבן גוטע פריינט גע'טענה'ט:

— וואָס לייגט איר זיך אַוועק פאַר דער טאָכטער? זי וועט אייך ניט שטעלן קיין גילדענע מצבה....

מיט אַ יאָר שפּעטער האָט מיין טאָכטער געבוירן ס'צווייטע קינד. און ווען זי איז שוין געווען אַ מאַמע פון דריי קינדער, איז איר „פּרינץ" משוגע געוואָרן פאַר אַ צווייטער, און איז אַוועק פון דער היים... ער איז געוואָרן אַ פרייער פויגל און איז אָפּגעקומען מיט דעם, וואָס ער האָט אַלע וואָך צוגעשיקט עטלעכע דאָלאַר פאַר די קינדער. האָב איך געקוקט אויף די קליינע נפשות און אַ וואונד האָט געברענט ביי מיר אין האַרצן, מיט אַ שנאה אויפן טאַטן, וואָס האָט זיי געמאַכט פאַר לעבעדיקע יתומים.

מיט זיין אַוועקגיין פון הויז האָט זיך אַן אומעט באַזעצט אין יעדן ווינקעלע. אפילו די זוענט האָבן געטרויערט. די עטלעכע דאָלער, וואָס דער „פּרינץ" האָט צוגעשיקט, זיינען ניט געווען גענוג אויף אויסצו־האַלטן דאָס געזינדל. איז ווער איז אויסגעריסן געוואָרן? איך, די מאַמע! האָב איך געאַרבעט מיטן בלוטיקן שווייס און געהאָלפן מיין קינד און אירע קינדער.

און זי האָט זיך ניט באַקלאָגט אויף איר „פּרינץ", ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, נאָר שטיל אין זיך געצאַנקט ווי אַ ליכט. אַמאָל, אויפן געלע־גער, זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ שווערן זיפץ. און אין זיפץ האָט זיך געפילט דער ווייטיק פון אַ נשמה, וואָס גייט אויס פון יסורים און פון בענקשאַפט.

פונעם טאָג, וואָס דער „פּרינץ" איז אַוועק, האָט דער שלאָף געווייכט פון איר. גאַנצע נעכט האָט זי זיך געדרייט אין אַנגסטן. דאָך האָט מען זי געקאָנט זען יעדן טאָג אין גאַס מיטן קליינוואַרג. זי און די קינדער ריין און ציכטיק אָנגעטאָן. האָט זיך געהאַלטן מיט ווירדע, ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט....

אַ פּאָר מאָל אין וואָך פלעג איך בלייבן מיט די קינדער און זי גע־צוואונגען אַרויסצוגיין פאַרברענגען צווישן מענטשן, געהאָפט, אַז זי וועט זיך געפינען צווישן פריינט, קאָן זי אַמאָל געפינען אַ באַשערטן און נאָך אויך וויסן פון אַ וועלט. וואָרום די גאַנצע מאַמע איז ערשט אַלט געווען פינף־און־צוואַנציק יאָר. איז ווי גייט ס'ווערטל: כל־זמן דאָס ביימעלע איז יונג, טוען זיך צווייגעלעך'...

ניט לאַנג צוריק האָט מיין טאָכטער זיך באַקאַנט מיט אַן אלמן. אפילו אַ סך עלטער פון איר, אָבער אַן איידעלער, אַ קלוגער מענטש. ס'ערשטע מאָל וואָס ער איז געקומען אין הויז און דערזען די דריי בריליאַנטענע

קינדער, און ווי שיין זיי ווערן דערצויגן, איז ער צוגעקלעפּט געוואָרן צו זיי. געקויפט פאַר זיי שיינע מתנות, גענומען אויף אַ שפּאַציר. זיינען זיי צו אים אויך צוגעצויגן געוואָרן. האָב איך געפילט, אַז דער קוואַל פון פרייד איז נאָך אינגאַנצן ניט אויסגעטריקנט...

שפּעטער האָט דער אַלמן פאָרגעשלאָגן מיין טאָכטער, אַז זי זאָל מיט איר חתונה האָבן, און ער וועט די קינדער צושרייבן צו זיך, ווייל קיין אייגענע קינדער האָט ער ניט, וועט ער האָרעווען, ברענגען אין שטוב זיין פאַרדינטן ביסן ברויט, וועלן זיי צוזאַמען עסן, און זי און די קינדער וועלן האָבן אַן אָנשפּאַר. אָבער זי האָט זיך ניט געאיילט מיט איר צושטימונג, צו זיין פאַרשלאָג, אפשר דערפאַר, וואָס ערגעץ אין אַ ווינקל פון איר מוח האָט געטליעט אַ האָפענונג, אַז איר „פרינץ" וועט נאָך צוריקקומען...

אין איינעם אַ טאָג, ווען דער אַלמן איז געקומען, און זיי האָבן געזאָלט גיין אַרויסנעמען „מערידזש לאַיסענס", האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון טיר־גלעקל. מיין טאָכטער איז געגאַנגען עפענען, און פאַר אירע אויגן איז געשטאַנען דער „פרינץ"... זיי זיינען געבליבן שטיין איינס אַנקעגן אַנדערן און ניט געקאָנט אַ וואָרט אויסריידן. בלויז אויף זייערע ליפּן האָט געציטערט דאָס אייביקע פאַרפירעריש שמייכעלע. דער אַלמן האָט אַ ווייל באַטראַכט די שפּיל, נאָכדעם פאַרלאָזט דאָס הויז...

# „אַ דאַנק פאַרן רופן"

נאָך מיט אַ וואָך פריער האָט אסתר, זיצנדיק ביי דער אַרבעט, געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי זי וועט אויסנוצן דעם פיר־טאָגיקן יום־טוב. אַ קלייניקייט, פיר טעג ניט דאַרפן גיין צו דער אַרבעט! מען קאָן דאָך דעם רוה דעם קאָפּ אָפּדרייען. זי וועט האָבן צייט צו לייענען וויפל איר האַרץ גלוסט, ענטפערן אויף בריוו, זיך אַרומקוקן אויף איר ווירטשאַפט, באַזוכן פריינט אויך.

דעם ערשטן טאָג יום־טוב איז זי אויפגעשטאַנען פאַר פרי און גע־נומען אויספּוצן איר היים: איבערגעצויגן ס׳בעטגעוואַנט, אויפגעהאַנגען ווייסע פאַרהאַנגען אויף די פענצטער און זיך געוואָרפן פון איין אַרבעט צו אַ צווייטער, ביז ס׳האָט געפינקלט מיט ריינקייט אין יעדן ווינקעלע. איבער דער גאַנצער שטוב האָט זיך איצט געפילט דער יום־טוב. אָבער פאַר אסתר׳ן איז געווען ווינציק אַ יום־טוב פאַר זיך אַליין. האָט זי דעם טיש געגרייט מיט ווייַן און לעקאַך, טאָמער קומט אַריין אַ מענטש. נאָר דעם גאַנצן טאָג האָט קיינער ניט אַריבערגעטראָטן איר שוועל. אפילו די שכנה, וואָס האָט ליב אַריינצוקוקן אין יענעמס טעפּל, האָט מען אויך ניט אָנגעקוקט אין די אויגן.

דעם צווייטן טאָג יום־טוב איז שוין אסתר אַוועק אין אַ דערבייאיקן פּאַרק. דער טאָג איז געווען אַ ליכטיקער, אַ וואַרעמער, איז דער פּאַרק געווען פול מיט אויסגעפּוצטע מענטשן, און געפילט האָט זיך עפּעס אַ מין שטילער, ליבער, האַרציקער יום־טוב, ווי קיינמאָל פריער.

אסתר האָט זיך געפונען אַן אָרט אונטער אַ געדיכטן בוים און זיך פאַרטיפט אין אַ בוך. זי האָט געשלונגען איין קאַפּיטל נאָכן אַנדערן און גאָרניט באַמערקט ווי דער טאָג איז אַוועק. די זון האָט זיך געזעצט און איז באַלד פאַרשוואונדן הינטער אַ שוואַרצן וואָלקן. ס׳האָט געגומען בלאָזן אַ פוילער ווינט וואָס איז געקראָכן אין די ביינער. אסתר האָט דערפילט אַ קעלט אין אַלע גלידער. האָט זי פאַרמאַכט ס׳בוך און זיך געלאָזט גיין אַהיים. אין הויז האָט זי זיך דערוואָרעמט מיט אַ הייס לעפל געקעכץ און זיך צוגעשפּאַרט צו כאַפּן אַ דרימל, דערנאָך וועט זי ערגעץ גיין. אָבער ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט.

דעם דריטן טאָג האָט אסתר געשריבן בריוו צו אירע קינדער. זי

האָט זיי דערציילט וועגן איר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און געטיילט מיט זיי אירע איינדרוקן פון די ביכער, וואָס זי האָט לעצטנס געלייענט.

ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט די לאַנגע בריוו, האָט זי זיך ערשט געכאַפּט, אַז ס׳זיינען שוין אַוועק באַלד דריי טעג פונעם יום־טוב, און זי האָט נאָך מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אַ בענקשאַפט האָט אַרומגעכאַפּט איר גאַנצן וועזן. ס׳האָט זיך איר איצט אַזוי געוואָלט פאַרברענגען אין אַ הויז מיט מענטשן. אַמאָל, ווען איר מאַן האָט נאָך געלעבט און די קינדער זיינען נאָך געווען אין דער היים, פלעגן יום־טוב קומען צו איר געסט. איר מאַן, אַ קלוגער מענטש, פלעגט פאַרפירן אַן אינטערעסאַנטן שמועס, און זי, אַן אויפגעלעבטע, פריילעכע, פלעגט דערלאַנגען כיבוד צום טיש. האָט מען געגעסן, געטרונקען, נאָך דעם געטאַנצט און געזונגען, געוואוסט פון אַ לעבן צו זאָגן.

איצט איז אסתר אַליין, די קינדער אויסגעגעבן, וואוינען זיי אין ווייטע שטעט, און יעדערער פירט זיך זיין אייגן וועלטל. אָבער אסתר באַרימט זיך תמיד, אַז זי איז „טאַקע אַליין, אָבער ניט איינזאַם“... זי האָט אַ סך פריינט, וואָס יעדער פון זיי וואָלט פאַר איר געלאָפן אין פייער, און צו וועמען זי זאָל ניט אַריינפאַלן וואָלט זי געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט. האָט זי אָבער פיינט אַריינצופאַלן ווי אַ יון אין סוכה. זי האָט ליב, ווען מען לאַדט זי איין צו זיך און עמיצער וואַרט אויף איר. אפילו נאָך אַלס קינד האָט זי ליב געהאַט צו עסן מיט כבוד. אַז ווען איר פאָטער האָט אַ רוף געטאָן: „קינדער, קומט עסן!“, האָט זיך דאָס מיידעלע ניט גערירט פון אָרט, ביז זי האָט ניט דערהערט דאָס צאַרטע קול פון איר מאַמען: „אסתר׳ל, קום, מיין קינד, צום טיש“. ערשט דאַן האָט זי זיך געזעצט עסן.

איז זי איצט אויך צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן מיט דער זיכערקייט, אַז וועמען זי זאָל ניט רופן, וועט מען זי פאַרבעטן צו זיך אין הויז. אָנגעקלונגען דער ערשטער פריינדין, האָט יענע זיך שטאַרק דערפרייט מיט אסתר׳ס קול, אָבער זי האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז זי איז פאַרנומען. ביי איר איז איצט אַ פולע שטוב מיט געסט. האָט אסתר געענטפערט, אַז אויך זי איז פאַרנומען... און יענע האָט פאַרענדיקט מיט „טענקס פאַר קאָלינג“ (אַ דאַנק פאַרן רופן).

זי האָט אָנגעקלונגען אַ צווייטער פריינדין, וועלכע האָט זיך געהייכן אָפּגעבן מזל־טוב. איר טאָכטער איז אַ כלה געוואָרן, און זי וואַרט איצט אויף די מחותנים. זי האָט ניט פאַרגעסן צו זאָגן: „טענקס פאַר קאָלינג“.

אַ דריטע פריינדין האָט געזאָגט: „ווען זעען מיר זיך, אסתר?“, „ווען מיר׳ן האָבן טעלעוויזשאָן“, האָט אסתר געענטפערט, און ווידער — „טענקס פאַר קאָלינג“...

נאָך די אַלע טעלעפאָן־רופן האָט זיך אסתר'ן געדאַכט, אַז עפּעס אַ בייזער גייסט אין דער לופט האָט אויפגעכאַפּט די ווערטער, און געהאַלטן אין איין ווידערהאָלן: „טענקס פאָר קאָלינג, טענקס פאָר קאָלינג"...
זי איז אַרויס פון שטוב. אין גאַס האָט אויף איר געוואַרט אַ שטאַרקער ווינט, וואָס האָט מיט רציחה געריסן די ביימער לעבן איר הויז, געבראָכן צווייגן און זיך אַלע ווײַלע פאַרגאַנגען אין אַ יאָמערדיקן פּייף, ווי ער וואָלט עמיצן באַוויינט. און דער הימל, אַ פאַר'חושכ'טער, ווי איינער וועמען ס'שטיקן די טרערן אין האַלדז. ס'האָט זיך טאַקע באַלד דערהערט אַ קנאַל פון אַ דונער און אַ בליץ און ס'האָט אָנגעהויבן גיסן מיט שעפל און מיט לעפל. אסתר איז שוין געווען ווייט פון איר היים, האָט זי זיך אומגעקערט אַ דורכגעווייקטע. און ווי זי האָט נאָר געעפנט איר טיר, האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. אָבער ס'איז געווען אַ „ראָנג נאָמבער" — עמיצער האָט דורך אַ טעות איר געקלונגען.

דעם פערטן טאָג יום־טוב איז אסתר אַוועק צו אַ לוויה פון אירער אַ גוטער באַקאַנטער. ס'איז געקומען אַ גרויסער עולם צו דער לוויה. האָט מען זיך באַגריסט פון דער ווייטן אָן אַ וואָרט צו זאָגן.

נאָך די שבחים פאַרן מת האָבן זיך מענטשן אַרײַנגעזעצט אין אויטאָמאָבילן און זיינען נאָכגעפאָרן דעם טויטן־וואָגן ביזן הייליקן אָרט. אין איינעם אויטאָמאָביל, אין וועלכן אסתר איז געפאָרן, זיינען געזעסן קרובים פון דער פאַרשטאָרבענער, און מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי געקייט האַרטע אייער און פאַרטרונקען מיט ווײַן.

ווען אסתר איז געקומען אַהיים איז שוין געווען גוט פינצטער. אין שטוב איז נאָך פאַרבליבן דער יום־טוב. אויפן טיש איז געשטאַנען די פלאַש ווײַן, די פינקלדיקע גלעזלעך און דער לעקאַך — אומבאַרירט, וואָס האָט געזוועקט אומעט און בענקשאַפט.

אויפן געדאַנק איז אסתר'ן אַרויפגעשוואומען איר אַלטע שכנה, וואָס איז מיט אַ פּאָר טעג פריער געשטאָרבן. קיינער האָט פון איר גאָרניט געהאַט און קיינעם האָט זי ניט אויסגעפעלט ביים לעבן, און דאָך, ווען זי איז געשטאָרבן, האָט ווי געטאָן...

אסתר האָט גאָרניט געהאַט פון די פיר טעג יום־טוב, אַחוץ לאַנגווייליקייט. האָך האָט איר באַנג געטאָן, וואָס זיי זיינען אַוועק און מאָרגן וועט זי שוין ווידער זיצן אין שאַפּ איבער דער מאַשין, אַן איינגעבויגענע, ווי אַ ווערבע... האָט זי אָנגעהויבן אונטערברומען דאָס באַקאַנטע לידל:

„מאַמע, מאָרגן,
ווידער זאָרגן,
אין דער קראָם,
קלינגען
גלעקער,
קלינגען גלאָקן:
בים, בים, באָם!"

# „ווי וואַנט מאָר שלום־עליכם"

אין זייער אַ שיינער זומער־נאַכט איז מיר איין מאָל אויסגעקו־מען גיין פאַרביי איינעם פון די בראָנקסער פאַרקן. ס׳מוז שוין זיין זייער שפעט, האָב איך געטראַכט, ווייל כמעט דער גאַנצער פאַרק איז שוין געווען פאַרלאָזן. מיטאַמאָל האָב איך דערזען פון דער ווייטן אַ גרויסן עולם ביים אַריינגאַנג פון פאַרק. איך בין צוגעגאַנגען נעענטער און גע־וואָרן איבערראַשט. מענטשן זיינען געשטאַנען צוזאַמענגעדריקט געדיכט איינער לעבן אַנדערן, די קעפ אָנגעבויגן אויף אַ זייט, ווי זיי וואָלטן זיך צוגעהערט צו אַ גרויסן תלמיד־חכם.

איך בין געוואָרן זייער נייגעריק צו זען דעם מענטשן, וואָס קאָן אינמיטן נאַכט האַלטן אַזוי געשפאַנט אַזאַ גרויסן עולם.

— גייט אַוועק פון דאַנען, — האָט זיך אָנגערופן אַ יונגערמאַן. — דאָ זיצט אַ גאַליציאַנער אידל און דערציילט אַזוינע שמוציקע מעשיות, אַז ס׳איז אַ שאַנדע פאַר אַ פרוי זיך צוהערן.

— אויב ס׳איז אַ שאַנדע פאַר אַ פרוי צו הערן, איז אויך אַ שאַנדע פאַר אַ מאַן, — האָט זיך אָנגערופן אַ אידענע, וועמען ס׳איז, ווייזט אויס, אויך געווען טשיקאַווע צו וויסן, וואָס מען שטייט אַזוי פאַרטיפט...

מיט גרויס שוועריקייט האָבן מיר זיך ביידע דורכגעשטופט אַ וועג. אויף אַ באַנק איז געזעסן אַן אויסגעטריקנט אידל מיט גרויסע ברוינע ברילן און געמאָלן ווי אַ מיל: איין גראָבן וויץ נאָכן צווייטן, איינער ערגער פון צווייטן.

— איר מעגט זיך שעמען דערציילן פאַר מענטשן אַזוינע פאַסקודנע זאַכן, — האָט די אידענע געזאָגט צום אידל, — איצט, אין אַזאַ צייט, ווען ס׳קומען פאָר פאָגראָמען און אידיש בלוט גיסט זיך ווי וואַסער, שטייען אַזוי פיל אידן און הערן זיך צו צו אייערע שיינע מעשיות!

— אידענע וואָס איר זייט! און אַז איך וועל ניט דערציילן קאַ מאַיסעס, עטצעך ניט גיסן קאַ בליט? — האָט דאָס אידל געפרעגט אויף זיין גאַליציאַנער דיאַלעקט.

— און אַז מעשיות, — האָט די אידענע ניט אָפּגעלאָזט, — דאַרף דאָס זיין גראַדע שמוציקע? פאַרוואָס לערנט איר זיך ניט אויס דערציילן קיין שיינע זאַכן?

— אַ אידענע בלייבט אַ אידענע! — האָט געזאָגט דאָס אידל, —

ער קאָן ניט געדענקען קאַ שיינע מאַיסעס, און זיי וואָלטן ניט געשטאַנען ביז האַלבער נאַכט און זיך צוגעהערט צו שיינע זאַכן...

— אָט וועלן מיר באַלד זען, — האָט זיך אָנגערופן איינער פון דעם עולם, און אַרויפשפרינגעדיק אויף דער באַנק לעבן אידל, האָט ער זיך געווענדט צו די פאַרזאַמלטע:

— פריינדע, — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ פעסט קול, — די טעג קומט פאַר דער יאָרצייט פונעם גרויסן שלום־עליכם, איז אויב איר ווילט וועל איך אייך פאָרלייענען איינע פון זיינע מעשיות: „ניט פאַר קיין אידן געדאַכט".

דער גאַנצער עולם האָט אַפלאָדירט.

האָט דער יונגערמאַן מיט גרויס טאַלאַנט פאָרגעלייענט שלום־עליכמ'ס אַ זאַך, און ס'איז געווען שווער צו גלויבן, אַז אָט די מענטשן, וואָס האָבן מיט אַ פאָר מינוט צוריק געהירזשעט ווי האַלב ווילדע פונעם אידל'ס וויצן, שטייען איצט און לאַכן מיט אַ געזונט, האַרציק געלעכטער, ווי נאָר־מאַלע מענטשן קאָנען לאַכן...

ווען דער יונגערמאַן האָט געענדיקט, האָט אויסגעבראָכן אַ דונער פון אַפלאָדיסמענטן, וואָס האָבן פאַרקלונגען דעם פאַרק און צוגעבראַכט נייע מענטשן.

— איצט דערציילט איר עפּעס, — האָט דער יונגערמאַן העפלעך זיך געווענדעט צום אידל.

אָבער די פאַרזאַמלטע האָבן געשריען אויף אַלע כלים:

— „ווי וואָנט מאָר שלום־עליכם!"

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט זיך געדאַכט, אַז אויך דער גאַנצער פאַרק האָט געענטפערט: „ווי וואָנט מאָר שלום־עליכם"!

# נייע „צרות"

אַנשקעגן דעם, וואָס איר זאָגט צרות: אוי, ווען איך זאָל אייך נעמען דערציילן, וואָס איך האָב זיך שוין אָנגעליטן זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, וואָלט איר אַליין געזאָגט, אַז וואָס אַ מענטש קאָן איבערטראָגן, וואָלטן דאָס קיין צען פֿאַר אָקסן ניט געקענט דערשלעפּן. וואָס דאַרף איך אייך אַ סך ברייען, ווען איר וואָלט געקענט מיין מאַן מיט איין יאָר צוריק, וואָלט איר אין לעבן ניט געגלויבט, אַז אַ מענטש קאָן זיך אַזוי איבערקערן.

באַלד אינדערפֿרי, ווי ער האָט נאָר געעפֿנט די אויגן, אַזוי האָט זיך פֿאַר מיר געעפֿנט דער גיהנום. וואָרים עס איז ניט געווען קיין פֿרימאָרגן. וואָס עס זאָל איבּ עפּעס ניט פֿעלן. די שיך, די זאָקן, אַניט איז גאָר די ברילן, אָדער דאָס פּושקעלע פֿון די ברילן. און אַז איך אָדער די קינדער פֿלעגן שוין פֿאַר אים אַלצדינג געפֿינען, פֿלעגט ער זיך כאַפּן, אַז ער האָט ניט קיין סיגאַרעטס... און האָט אינדרויסן געמעגט זיין אַן אומקומעניש, האָט מען געמוזט לויפֿן פֿייל אויסן בויגן אים ברענגען סי־גאַרעטס, אַבי דער גיהנום זאָל זיך צומאַכן... דאָס איז געווען אינדער־פֿרי. פּאַרנאַכט, פֿלעגט ער קומען אַן אָנגעלאָדענער און נעמען זוכן די פּידקאָוועס פֿון גע׳פּגר׳טע פֿערד, אַבי זיך קריגן. דאַן פֿלעגט ער אַרונ־טערוואַרפֿן פֿון זיך די אויבערשטע העמד, די שיך, און שמוציק, אָן אַ שעיוו, זיך זעצן צום טיש, קוקן אויף מיר, מיט די קינדער, און בור־טשען. און די שעה זאָל גאָר ניט זיין, טאָמער האָט זיך אַ קינד מיט עפּעס פֿאַרזינדיקט, האָט ער דאָס אָנגעהויבן שלאָגן און ניט געוואוסט ווען אויפֿהערן. פֿלעג איך, ווי געוויינלעך אַ מאַמע, אונטערשטעלן מיין פּלייצע, פֿלעגט ער געבן אַ געשריי: „גבאי׳טע, דו ביסט שוין דאָ?" — אַזש די פֿענצטער פֿלעגן נעמען ציטערן.

אָט אַזוי האָט מען ניט געקאָנט אָפּעסן קיין לעפֿל געקעכץ, אַז ער זאָל פֿריער ניט אויסקאָכן דאָס וואַסער. נאָך סאַפּער פֿלעגט ער זיך אַריינ־וואַרפֿן מיט די קליידער אין בעט און איינשלאָפֿן ווי אַ טויטער. און איך פֿלעג דאַרפֿן פֿון זיך רייסן שטיקער, אַז ער זאָל אויפֿשטיין שלאָפֿן. היינט די זונטיקס זיינען שוין גאָר פֿאַר מיר געווען אַ חבוט הקבר. ביז עלף־צוועלף אַזייגער האָט מען אים ניט געקאָנט אַרויסשלעפּן פֿון בעט.

און אַז איך פלעג זיך נעמען ביי אים בעטן, אַז ער זאָל אויפשטיין, זיך אָנטאָן ווי אַ מענטש, וועלן מיר אויך אַרויסגיין מיט די קינדער אויף דער גאַס, ווי ביי לייטן, פלעגט ער איבערקרימען מיינע ווערטער און זיך אויס־קערעווען מיטן פנים צו דער וואַנט. אַט אַזוי האָבן זיך געצויגן די טעג מיט די יאָרן און איך בין גרוי און אַלט געוואָרן פאַר דער צייט.

אַזוי, ביז גאָט האָט זיך איבער מיר דערבאַרעמט, אָדער זכות אָבות האָט זיך אַריינגעמישט. איינמאָל, ווי מיר עסן אַזוי סאַפּער, קלאַפּט אָן אין טיר אַ נייער שכן און בעט אַ האַמער. מיין מאַן האָט דאַן פונקט געהאַלטן אין דער רעכטער רציחה. דער שכן האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט און איז אַוועק. ווי זאָגט מען: „אַ גאַסט קומט אויף אַ ווײַל, און זעט פאַר אַ מייל". פון יענעם אָונט אָן פלעגט שוין דער שכן אַריינ־קומען זייער אָפט, מיט אַן אויסרייד, און פאַרפירן מיט מיין מאַן אַ גע־שפּרעך, אָדער אים עפּעס אונטערטראָגן צו לייענען. אָט אַזוי איז ער מיט מיין מאַן געוואָרן אַ גאַנצער פּאַני־בראַט, און מיט יעדן טאָג, האָב איך באַמערקט, ווי מיין מאַן ווערט עפּעס אַ פאַרביטענער, און האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן ביי מיר ווי פון אונטער די הענט.

איינמאָל קומט ער פון דער אַרבעט, עסט אָפּ סאַפּער, אָן גוואַלדן, אָן געפּילדער, שאַ־שטיל, עפּעס ווי גאָרנישט זיין טבע, און מאַכט אַזוי צו מיר: איך גיי צו לעניניס יאָרצייט, און אויב איך וועל קומען שפּעט, זאָלסטו זיך פאַר מיר ניט זאָרגן. טאַקע מיט אָט־די ווערטער. ווער דער לענין איז און וואָס פאַר אַ מחותן מיין מאַן איז ביי זיין יאָרצייט, האָב ניט אָנגעהויבן צו וויסן.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט ער אַהיים מיט אַ נייעס: דער באָס האָט שוין ווידער געשניטן די וועידזשעס, די אַרבעטער קלייבן זיך אויף אַ סטרייק און ער וועט מוזן גיין מיט זיי.

— וואָס הייסט, — זאָג איך, — דו מוזט גיין מיט זיי? מען נייט דיך דען פון קהל? מה־דאָך, זאָג איך, אַז דו אַרבעסט, האָבן מיר ניט אויף קיין רענט, וואָס וועט שוין זיין, אַז דו וועסט סטרייקן? וועט מען שוין גאָר דאַרפן פאַרלייגן די ציין אויף די באַנטענעס, — זאָג איך.

עס גייט ניט אַוועק קיין צוויי טעג, שטייט ער אויף אינדערפרי, וויל ניט עסן קיין ברעקפעסט, און מאַכט צו מיר:

— זאָלסט היינט פאַר מיר ניט קאָכן קיין סאַפּער.

— וועמענס יאָרצייט איז היינט? — פרעג איך. ענטפערט ער מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— די פּאָליציי האָט נעכטן דערשאָסן אַ סטרייקער, וועט היינט ביי־טאָג זיין די לויה.

און אײדער איך האָב נאָך צײט געהאַט אים פֿרעגן, וואָס פֿאַר קרובֿים ער איז געװען מיטן דערשאָסענעם, איז ער שוין געװען פֿון יענער זײט טיר.

אויף מאָרגן נאָך דער לוויה רופֿט ער זיך אָן צו מיר, ווייך אַזוי ווי טײג:

— וואָס זאָגסטו ניט צו דעם? מען האָט פֿאַר'משפּט 9 אומשולדיקע נעגער־אינגלעך צום טויט!

— וואָס זאָל איך זאָגן? דאַכט זיך, אײדער אַרײנקוקן אין יענעמס טעפּלעך און דאגה'נען פֿאַר פֿרעמדע קינדער, און נאָך נעגערשע דערצו, איז גלײכער, אַז עס זאָל דאַרן דער קאָפּ פֿאַר אײגענע קינדער, וואָס װעלן שוין באַלד ניט האָבן קײן דאַך איבערן קאָפּ. — און איך נעם און טראָג אים אונטער דעם דיספּאָזעס, וואָס דער לענדלאָרד האָט אונדז געשיקט מיט אַ שליח.

הערזשן די מתּנה, איז ער געבליבן זיצן ווי אַן אָפּגעשמיסענער. מיט־אַמאָל איז ער אויפֿגעשפּרונגען פֿון בענקל, אַרויפֿגעכאַפּט דאָס רעקל מיט דער הוט, און איז ערגעץ אַנטלאָפֿן.

אויף מאָרגן איז שוין די גאַנצע הויז געגאַנגען אויף רעדלעך. ער איז געקומען מיט עפּעס אַ חבֿרה און זײ האָבן באַפּוצט די גאַנצע הויז מיט רויטע בלעטלעך, אַז עס איז אַ סטרײק און מ'האָט גערעדט, אַז עס איז געגאַנגען אַ רויך. בקיצור, דער לענדלאָרד האָט זײ געמוזט אונטערשרײבן אַ פּאַפּיר, אַז ער וועט קײנעם ניט אַרויסוואַרפֿן פֿון דער דירה.

פֿון דאַן אָן איז מײן הײמי געװאָרן אַ פֿאַרנומענער מענטש. ווי ער האָט זיך נאָר דערוואוסט פֿון עפּעס אַ סטרײק, אָדער אַז מען האָט אײנעם אַרויסגעוואָרפֿן מיט די בעבעכעס אויפֿן גאַס, איז ער דאָרטן געװען דער ערשטער שאַרלאַטן־שמש. אַניט פֿלעגט ער גאָר צוזאַמענעמען אַ גאַנצן סקאַדראָן מיט קבצנים און זײ פֿירן צו דער רעליף־ביוראָ נאָך הילף. און אַז ער האָט ניט געקראָגן, פֿלעגט ער מיט זײ אָװעקמאַרשירן צו „פֿאַיטן סיטי האָל". ניט אײן מאָל איז ער געקומען אַהײם אַ צעקײלטער און צע־בײלטער. און װער איז געװען שולדיק אויב ניט איך אַלײן? אַ קלײני־קײט, מ'גיט אַזוי נאָך אַ מאַן? ער האָט דאָך שוין גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אפֿילו מיך האָט ער דאָך שוין אויך געוואָלט מיטשלעפּן. נאָר איך האָב אים פֿאַרזיכערט, אַז עס וועט דאָרט מירצעשעם זײן אַ מנין אָן מיר אויך...

# אַ מאַמע פאַרשטייט

ס'איז געווען שפּעט אין אָוונט. אין הויז האָט געהערשט אַ פּיינלעכע שטילקייט. בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ הוסט פון אסתר'ס שלאָפנדיקע קינדער. אסתר איז געזעסן און האָט אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג. עטלעכע מאָל האָט זי אָנגעהויבן לייענען אַן אַרטיקל און ניט געוואוסט וואָס זי לייענט. אירע געדאַנקען זיינען געווען מיט איר מאַן, הערשל'ען, וועלכער איז געלעגן אין שפּיטאָל און געשוועבט צווישן לעבן און טויט. מיטאַמאָל האָט זיך צעקלונגען דאָס טיר־גלעקל. מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ איז אסתר געלאָפן עפענען. אַ טעלעגראַמע פון שפּיטאָל: איר מאַן איז געשטאָרבן...

אסתר האָט געוואוסט, אַז איר מאַנ'ס טעג זיינען געציילטע. דאָך האָט די מורא'דיקע ידיעה איר דערלאַנגט ווי מיט אַ האַמער אין האַרצן אַריין. זי האָט פאַרבראָכן מיט די הענט און שטיל געוויינט, כדי' ניט אויפצוּוועקן די קינדער.

ווען די אויגן זיינען געוואָרן טרוקן און מער קיין טרערן האָט זי ניט געהאַט, האָט זי זיך דערמאָנט אַז מאָרגן איז ערב שבת, און מען מוז לאָזן וויסן איר מאַנ'ס סאָסאַיעטי וועגן צוגרייטן די לוויה. זי האָט גענומען אויף זיך אַ מאַנטל און איז אַרויס פון שטוב. אין גאַס האָט זי באַגעגנט אַ רעגן און אַ ווינט, וואָס האָט געפייפט מיט אַ יאָמערלעכן קול, ווי ער וואָלט אויך באַוויינט איר יונג־פאַרשטאָרבענעם מאַן. ווען זי איז צוריק אַריין אין הויז, האָט עס איר געוואָרפן אין קעלט. זי האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע און געפּרואווט איינשלאָפן, אָבער זי האָט ניט געקאָנט אַן אויג צומאַכן. און אַז זי האָט שוין יאָ האַלב איינגעדרימלט, האָבן זי שרעקלעכע חלומות געמאַטערט. קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן האָט זי אויפגעוועקט איר פערצן־יאָריקן זון און איז מיט אים אַוועק באַגלייטן איר הערשל'ען צו זיין אייביקער רו. די צוויי אינגערע קינדער, איינער ניין יאָר אַלט, און דער צווייטער — זיבן, זיינען נאָך געשלאָפן.

אסתר איז אויך געבליבן אַ יתומה, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד. האָט זי זיך אויפגעהאָדעוועט אויף פרעמדע הענט און ניט געוואוסט, וואָס עס מיינט צערטלעכקייט ביז זי האָט זיך באַקאַנט מיט הערשל'ען. צו זעכצן יאָר איז אסתר געקומען קיין אַמעריקע. אַ לאַנדסמאַן האָט זי אַראָפּגע־

נומען פון אַ שיף און זי געבראַכט צו זיך אַהיים, וואו עלף נפשות האָבן זיך געשטיקט אין דריי קליינע צימערלעך. די לאַנדספּרוי האָט אסתר'ן גלייך איינגעגעבן אַ פּאָרציע ביטער־זאַלץ. דאָס איז געווען איר ערשטער אַריינפיר אין אַמעריקע. ווען זי האָט זיך אַביסל „אויסגערינט", האָט דער לאַנדסמאַן זי אַרויפגענומען אין קלאָוק־שאַפּ, וואו ער האָט געאַרבעט. ס'איז געווען ווינטער־צייט, זיינען אין שאַפּ די פענצטער געווען פאַרהאַקט און פאַרצוימט מיט אייזערנע דראָטן, ווי אין אַ תפיסה. דערצו איז נאָך דאָרט שטענדיק געווען פינצטער, האָט מען געאַרבעט ביי גאַז דעם גאַנצן טאָג און ניט געוואוסט צי ס'איז טאָג צי נאַכט. פונעם שטויב און פון דער פאַרע פון די פּרעס־אייזנס איז די לופט געווען אַזוי געדיכט, אַז ס'איז געווען שווער צו אָטעמען. פלעגט מען האַלטן אין איין ניסן און איינער דעם אַנדערן האָט געוואונטשן „צו געזונט".

איינגעבויגענע, ווי זקנים, איז מען אַזוי געזעסן איבער דער אַרבעט. געיאָגט פון זיך די בהלה און מורא געהאַט דעם קאָפּ אויפהויבן, מען זאָל זיך ניט באַגעגענען מיטן באָס, אָדער דעם פאָרמאַנ'ס אויגן, וואָס האָבן געהיט, אַז קיין מינוט זאָל ניט פאַרלוירן גיין אומזיסט. פאַר זעכציק שעה אין וואָך האָט אסתר געקראָגן גאַנצע פינף דאָלאַר...

האָבן זי מענטשן געטרייסט, אַז אַזאַ שיין מיידל ווי זי מיט אירע רויטע באַקן ווי די רויזן, וועט לאַנג אין שאַפּ ניט דאַרפן זיצן. ס'וועט זיך שוין געפינען אויף איר אַ בעל. ס'האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און אסתר האָט זיך אָנגעלעבט אַ טרוקענעם הוסט, וואָס האָט זי ניט אָפּגעלאָזט. האָבן אירע רויטע באַקן אָפּגעבליאַקעוועט, איר פּנים איז גע־וואָרן געל ווי פאַרמעט, אָבער זי איז ניט געווען די איינציקע אין שאַפּ וואָס האָט געהוסט, האָט זיך קיינער דערפאַר צו איר ניט צוגעהערט... געשטאָכן האָט איר הוסט נאָר הערשלען. הערשל האָט זיך אין יענעם שאַפּ אויסגעטיילט פון אַלע אָפּערעיטאָר'ס מיט זיין שטילקייט און האָט זיך קיינמאָל ניט באַטייליקט אין קיין גראָבע רייד. פאַרקערט, ס'האָט אים געקרענקט, וואָס טאַטעס פון דערוואָקסענע טעכטער רעדן אַמאָל אַ שפּראַך, פון וועלכע יונגע מיידלעך אין שאַפּ פלעגן זיך באַגראָבן פון שאַנד.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען אסתר איז אַריין אין שאַפּ, האָט איר די דעמפּקייט אַ שלאָג געטאָן אַזוי, אַז זי האָט זיך פאַרהוסט און ניט גע־קאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. הערשל איז צוגעלאָפן, דערלאַנגט איר אַ גלאָז וואַסער און ווען ס'איז איר בעסער געוואָרן, האָט ער זי געפרעגט: „וואָס וועט זיין דער תכלית פון אָט־דעם הוסט?" אסתר האָט אויפגעהויבן די אויגן, גוט באַטראַכט דעם שוואַרץ־חנ'עוודיקן בחור און געענטפערט: „וואָס דערלעגט איר צו מיין הוסט, איך שטער אייך דעם שלאָף?"

„אַוודאי שטערט איר מיר דעם שלאָף" — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל, וואָס האָט באַדעקט זיין פאַרזאָרגטן פּנים מיט לויטער גוטסקייט. פון דעמאָלט אָן פלעגן זיי זיך אָפּט דורכשמועסן אין שאָפּ מיט די אויגן ביז... ביז הערשל האָט באַמערקט אַ בלוט־פלעק אויף אסתר׳ס נאָז־טיכעלע.

נאָך דער אַרבעט האָט ער זי אָפּגעוואַרט און געבעטן, זי זאָל מיט אים אַריינגיין צו אַ דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט אסתר׳ן באַטראַכט און איר געגעבן די געוויינ־לעכע עצה: אויפגעבן דעם שאָפּ, שלאָפן ביי אָפענע פענצטער, עסן נאַרהאַפטע שפּייז, פאַרברענגען וואָס מער אויף פרישער לופט און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, פון וועלכע אסתר האָט אפילו ניט געוואָגט צו חלום׳ען.

דעם זעלבן אָוונט האָט הערשל זיך געהאַלטן אָן עצה מיט זיין גוטער, קלוגער מאַמען. ער האָט צו איר גערעדט עפּעס מיט אַזאַ ווייכן, פיין־קלינגענדיקן קול, אַז די מוטער האָט דערפילט אַ פאַרליבט, ציטערדיק האַרץ. האָט עס זי אַרומגענומען מיט אַ צער פאַר איר בן יחיד, וואָס קריכט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט אַריין. דאָך האָט זי אים געטרייסט: „אַ יונג קינד, מען דאַרף זי פאַרניסן. וועט זי אויפהערן הוסטן. אַ קלייניקייט, אַ מיידל אָן אַ מאַמע? גייט אַוועק אַ ניכטערע, קומט־אָפּ דעם טאָג מיט טריקעניש, עסט זיך אָן אין שאָפּ מיט שטויב. איז אַ וואונדער, וואָס זי שפּייט אויס די לונגען?" און ניט לאַנג גע־טראַכט האָט זי געגומען פון איר אָרעמער גראָסערי אַ קעסטל אייער, פּוטער, האָניק, שאָקאָלאַד, אויך אָפּגעבאַקן פּוטער־בולקעס און געגעבן דעם זון ער זאָל אַוועקטראָגן פאַר זיין מיידל.

הערשל׳ס מאַמע האָט אסתר׳ן „געגאָסן גאָלד אין האַלדז". און הערשל האָט אָנגעפילט איר האַרץ מיט פרייד און האָפענונג אויף גליק. דערקוויקט איר נשמה מיט זיין צערטלעכקייט, לאַסקעס, נאָך וועלכע זי האָט אַזוי געלעכצט און געבענקט.

יעדן אָוונט פלעגט הערשל קומען צו אסתר׳ן און זי געפינען אין קיך איבער אַ בוך, אָדער צייט־שריפט. אויפן קוילן־אויוון האָט זיך תמיד געקאָכט אַ קעסל העמדלעך מיט געלע פלעקן פון דער לאַנדספרוי׳ס קינ־דער, און פון דער פאַרע האָבן זיך געשלענגלט ריטשקעלעך וואַסער אויף די נידעריקע, גרויע ווענט. פלעגט הערשל אַוועקנעמען אסתר׳ן פון דער קיך און אַ צופרידענער, אַ לאַכנדיקער זי געפירט אין סענטראַל פּאַרק אויף דער פרישער לופט. פון דער פרישער לופט און פון די האַרציקע ראָמאַנטישע איבערלעבונגען האָבן אסתר׳ס באַקן צוריק געקראָגן זייער קאָליר און די אויגן האָבן גענומען פינקלען, ווי עפּעס דורך אַ כישוף.

אין פרילינג האָבן זיי חתונה געהאַט. הערשל האָט איינגעאָרדנט דריי צימערן לעבן אַ פּאַרק, ברייט צעעפנט די פענצטער און געמאַכט אַ פרייען וועג פאַר דער פרישער לופט. אין יעדן צימער האָט אַריינגעקוקט די זון און אירע שטראַלן זיינען געווען ווי אַ באַלזאַם פאַר אסתר׳ס לונגען. די שוויגער פלעגט אָפט קומען צום יונגן פּאָרל און אַלע מאָל געפינען נייע מעלות אין דער יונגער שנור. ניט איין מאָל פלעגט זי זאָגן צום זון: „הערשעלע קרוין, דיין אסתר איז אַ בריליאַנט! שיין, קלוג און גוט. האָסט געקראָגן אַן אמת׳ן אוצר״. און ווען אסתר האָט איר געזאָגט, אַז זי שפּאָרט געלט אויף אַ וויקטראָלאָ, האָט די אַלטע מיט אַ שפּאַס געענט־פערט: „וואָס טויג דיר אַ וויקטראָלאָ. דו זינגסט און שפּילסט, און קאָנסט דערציילן מעשיות מען זאָל זיך קאַטשען פון געלעכטער. גיב בעסער אויס ס׳געלט צו פאַרהיטן דיין געזונט״.

הערשל האָט ליב געהאַט אסתר׳ן ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן. פאַר איר און די קינדער איז אים קיין זאַך ניט געווען צו־טייער און צו־שווער, ביז ס׳האָט אים געטראָפן ס׳גרויסע אומגליק, אַן אומ־היילבאַרע קראַנקהייט, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין יונגן לעבן.

נאָך הערשל׳ס טויט איז אסתר׳ס פערצן־יאָריקער זון, סעמעלע, פון אַ שפּילעוודיק קינד פלוצלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דערוואָקסענעם. ער איז געווען אַ היי־סקול סטודענט, האָט ער בייטאָג געלערנט און ביי־נאַכט געאַרבעט ביי אַ „סאָדע פאונטעין״ אויף בראָדוועי. דאָרט האָט ער געקענט זען די רעקלאַמעס פון די בעסטע פילמס. האָט ער זיינע פאַר־דינסטן אָפּגעגעבן דער מוטער, נאָר פאַר די „טיפּס״ פלעגט ער קויפן בי־לעטן, און איין מאָל אין וואָך אויסגענומען זיין מאַמען אין אַ מואווי.

אסתר איז נאָך אויך געווען יונג און שיין, איז געווען אַ נחת צו זען ווי סעמעלע האָט אויסגענומען זיין מאַמען, און מעשה קאַוואַליער זי געפירט אונטערן אָרעם.

סעמעלע איז געווען אַ הויכער אינגל מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ ליכטיק פּנים און שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, און ווען ער האָט געלאַכט, האָט געלאַכט די גאַנצע שטוב. זיין אַמביציע איז געווען צו שטודירן אויף דאָקטאָר, איז ווי נאָר אַ ברודערל איז אים קראַנק געוואָרן און די מוטער איז געווען ביי דער אַרבעט, האָט ער ווי אַ דאָקטאָר זיך אַוועקגעזעצט לעבן חולה, זיך געהייסן ווייזן די צונג, געמומען אַלע פינף מינוט די טעמפּעראַטור און ווען ער האָט געזען, ווי דאָס ווייסע פּאַסיקל גרייכט דעם רויטן ציפער, פלעגט ער פרעגן דעם קראַנקן: „וואָס ווילסטו בע־סער, קאַסטאָר־אויל, צי ביטער־זאַלץ?״

גראָד אין דער צייט, ווען הערשל איז אַוועק פון דער וועלט, האָבן

די ציטונגען געקאָכט מיטן פּראָצעס פון דער מרס. שניידער, וועלכע האָט זיך מודה געווען, אַז זי האָט דערמאָרדעט איר מאַן, כדי צו קריגן הונדערט טויזנט דאָלאַר אינשורענס... אין געריכט פלעגט מרס. שניידער קומען אין טרויער־קליידער און ס׳פּנים פאַרהאַנגען מיט אַ שוואַרצן וואואַל, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אַלמנה. איז ווען אסתר׳ס שוויגער האָט דערזען די שנור אויך אין טרויער־קליידער, האָט זי אויף איר אָנגעשטעלט די אויסגעוויינטע אויגן: „אסתר, האָסט דאָך איינגעלייגט וועלטן צו ראַטעווען דיין מאַן, דאַרפסטו זיך ניט אָנטאָן אין שוואַרצן, ווי די מרס. שניידער״... און ווען די אַלטע האָט געהערט, אַז אסתר האָט זיך געשאַפן אַ צאָל קאָסטאָמערס, וועמען זי פאַרקויפט קליידער, וועש, שטח־זאַכן, האָט זי געוואָרנט די שנור: „געדענק, אסתר, ווען דו וועסט קומען צו דיינע קאָסטאָמערס אָנגעטאָן אין טרויער, וועסטו זיי דערמאָנען אין טויט, וועלן זיי מיט דיר ניט וועלן האָבן צו טאָן... פאַר גאָט ביסטו דאָך יוצא געווען, פאַר מענטשן וועסטו קיינמאָל ניט יוצא זיין. טאָ פאָלג מיך, טאָכטער, הויב זיך אָן קליידן אין שיינע, ליכטיקע קליידער, ווי דיר פּאַסט, וועסטו דיינע קאָסטאָמער דערמאָנען אין לעבן און זיי וועלן דיר געבן צו פאַרדינען״.

דער שוויגער׳ס רייד האָבן געקלונגען מיט אַזאַ צאַרטער ליבע, אַז ס׳האָט אסתר׳ן פאַרקלעמט ביים האַרצן.

# גיי ווייס ווער און וואָס

געלויבט דער אויבערשטער, מען מאַכט אַ לעבן. אַמאָל אַזוי און אַמאָל אַזוי. דער עיקר איז ניט צו פאַרלירן דעם בטחון. איי וועט איר האָך זאָגן, אַז ס׳איז ניט גרינג. טאָ ווער זאָגט דען, אַז ס׳איז יאָ גרינג? מען לויפט, מען פליט, מען גייט, מען טוט, מען נעמט, מען גיט, אַהער, אַהין. הכלל, מען דרייט זיך.

וואויל איז דעם טאַקע, וואָס קאָן זיך דרייען, אַריינדרייען, פאַרדרייען און זיך אַרויסדרייען. נאָר צוריק גערעדט, דערלייג איך אויך ניט צום רבונו של עולם.

אָט האָט ער מיר אַנומלטן צוגעשיקט אַ פאַרדינסטל, גאָר אומגעריכט! ווי זאָגט מען: אַז ס׳איז באַשערט פון אויבן, קומט עס פון אונטן. גיי איך מיר אַזוי פאַרטראַכט, שטעלט מיך אָפּ איינער:

— הייסט איר ניט אַזוי און אַזוי?

— יאָפּ — זאָג איך, — איך הייס אַזוי און אַזוי.

— איר האַנדלט נאָך מיט דעם און דעם?

— וואָס דען זאָל איך טאָן — שרייבן ספרים? וואָס איז דען?

— גאָרניט, — זאָגט ער, — איך פרעג גלאַט אַזוי.

— גלאַט אַזוי? — זאָג איך, — טאָ האָט מיר אַ גוטן.

— וואַרט אַ ווײַלע, — זאָגט ער, — לויפט ניט, ס׳ברענט ניט. איך האָב אײַך געוואָלט פרעגן ווייער אַ נויטיקע זאַך, נאָר עס איז מיר גאָר פון זינען אַרויס. אפשר קאָן איך ביי אייך קריגן דאָס און דאָס?

— פאַרוואָס ניט? — זאָג איך, — אַבי איר וועט נאָר געבן אַזוי פיל און אַזוי פיל.

— עט, — זאָגט ער און טוט אַ מאַך מיט דער האַנט. — מען וועט ניט גיין צום רב. דער עיקר, איר דאַרפט פאַרשטיין געשעפט און ניט טאָן קיין פיפס, קיין שאָרך, אַניט איז פאַרפאַלן די קו מיטן שטריק. איר פאַרשטייט, צי ניין?

— איך פאַרשטיי, — זאָג איך, — מען דאַרף מיר קיין פינגער אין מויל ניט אַריינלייגן, — זאָג איך, — וואָרים איך, אַז איך טרעט־צו צו אַ געשעפט, גיי איך פריער שאַ, שטיל, פאַוואָלינקע, ניט געכאַפּט, ניט געלאָפּן, און אַז איך דערשמעק וואו ס׳האַלט, טו איך מיר אַ קאַלופּע הינטן־אַרום, און אַז איך זע אַז ס׳איז צרות, טרעט איך באַלד אָפּ און לאָז

אַן אַנדערן זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט.

— אַבי איר פאַרשטייט, — זאָגט ער, — איז גוט. דאַרף זיין פּאַסעך שין שאַ! — און ער טוט זיך אַליין אַ ביס אין פינגער, און ווערט פאַרשטומט.

בקיצור, אַהער, אַהין, מיר האָבן אָפּגעמאַכט אויף דאַן און דאַן, דאָרט און דאָרט.

יענע נאַכט האָב איך מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ זאַך? ווי זאָגט מען: אַריין — איז די טיר ברייט, אַרויס — איז זי שמאָל... נאָר וואָס טוט מען ניט צוליב פּרנסה?

פאַרטאָג, ווען גאָט אַליין איז נאָך געשלאָפן, בין איך אויפגעשטאַנען, געגומען מיינע שאַלעמויזן און בין אַרויס פון הויז, אַז קיין פאָרע האָט מען פון מיר ניט געהערט, און מיטן אויבערשטנס הילף... איז אַלץ צוגעגאַנגען שאַ־שטיל, אַז קיין האָן האָט ניט געקרייעט. און וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען, איר הערט, דער רבונו של עולם מעג צושיקן אַזעלכע פאַרדינסטלעך אַלע וואָך, און ס'וועט זיין פּאַסעך־שין, ששש!

# אַרויסגעריסן זיך פון הויז

אַז מען האָט ניט קיין מזל, דאַרף מען גאָרניט לעבן אויף דער וועלט. אָט, למשל, מיין שכנה: דאַכט זיך, ניט שיין, ניט קלוג, פונדעסט־וועגן האָט איר געדאַרפט זען, ווי איר מאַן באַהאַנדלט זי. קומט שבת, פוצט זי זיך אויס אין האָניק און עסיק און גייט מיטן מאַן שפּאַצירן, און ער פירט זי אונטער דער האַנט, ווי ערשט פון דער חופּה געקומען. און איך זיץ שבת אַ גאַנצן טאָג אין הויז מיט די קינדער און קוק־אַרויס אויף מיין ברויט־געבער מיט די שכּירות מ׳שטיינס־געזאָגט... און אַז גאָט העלפט, זעצט ער זיך צו מיטן באָס צום „תהילימ׳ל״ און קומט אַהיים אָן פאַדים...

זונטאָג שטייט ער אויף אינדערפרי, פוצט זיך אויס, באַשמירט די האָר מיט פּאָמאַדע און גייט אַוועק אויפן גאַנצן טאָג, און איך בלייב ווי־דער אַליין מיט די קינדער... פרעגט זיך: מיט וואָס בין איך ערגער פון מיין שכנה, וואָס איר מאַן טרעט ניט אַריבער די שוועל אָן איר? היינט האָט זי טאַקע אין וואָס זיך צו ווייזן פאַר מענטשן, וואָרים דער מאַן אי־רער רייסט איין די וועלט, אַז דעם ווייב און די קינדער זאָל גאָרניט פעלן. איז ניט קיין וואונדער, וואָס איר פּנים איז ווי בלוט־און־מילך, און איך בין שוואַרץ ווי אַ קויל — פון זאָרג, פון צוזען ווי די קינדער גייען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן. פאַר זיך אַרט מיך שוין ניט...

אָבער אַלץ איז ביז אַ צייט. היינטיקן זונטאָג, ווען מיין מאַן און די קינדער זיינען נאָך געשלאָפן, האָב איך אַנטליען ביי מיין שכנה אַ היטעלע מיט אַ מאַנטל, און זיך אָנגערופן צו מיין מאַן: מעקס, איך גיי צו מיין לאַנדסמאַנ׳ס לוויה. און איידער ער האָט נאָך גוט געעפנט די אויגן און געקוקט עפּעס זאָגן, בין איך שוין געווען פון יענער זייט טיר. געטראַכט: — זאָל ער אויך וויסן דעם טעם פון זיין אַליין אַ טאָג מיט די קינדער. פאַרוואָס זאָל איך נאָר פאַרשוואַרצט ווערן? ער וועט מיר שטעלן אַ גאָלדענע מצבה?... איך מוז אויך זען אַ וועלט!

איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן? כ׳בין אַריין אין אויטאָבוס און דער־זען די לאַנדסלייט, האָב איך זיך דערפילט, ווי ניי־געבוירן. ס׳איז גע־ווען פריילעך, ווי מען וואָלט געפאָרן צו אַ פּיקניק, ניט צו אַ לוויה. מען האָט געגעסן, געטרונקען און אפילו ניט דערמאָנט קיין וואָרט וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם לאַנדסמאַן...

נאָך דער לוויה האָט אַ לאַנדסמאַן, אַן אַלראַיטניק, פאַרבעטן דעם גאַנצן עולם לאַנדסלייט צו זיך אין דעם נייעם הויז, וואָס ער האָט ערשט געלאָזט אויפבויען. איז עס שוין איינמאָל אַ הויז — אַ פּאַלאַץ! האָט מען געגרייט טישן, און מען האָט דערלאַנגט פון שענסטן און בעסטן, מיט פאַרשיידענע געטראַנקען, ווי צו אַ חתונה. האָט זיך דער עולם צוגעכאַפּט צו דער סעודה, ווי נאָך אַ תענית. און אַז מען האָט אויסגעטרונקען צו עטלעכע גלעזלעך, איז מען געוואָרן רעדעוודיק... יעדער האָט דערציילט קאָמישע זאַכן פון דער אַלטער היים, און מען האָט זיך געקאַטשעט פון געלעכטער.

אַהיים בין איך שוין געקומען שפּעט אין אָוונט. דערזען ווי דאָס הויז איז איבערגעקערט האָרע־קאָרע, איז מיר די „פּאַרווילונג" אויסגעפאַלן באָקאָם.

מיין „בעיבי" איז נעבעך געלעגן אין וויגל איינגעקאָרטשעט, און גע־שלאָפן מיט אַ פינגערל אין מויל, ניט אָפּגעוואַשן, ניט אויסגעטאָן... און די אַנדערע קינדער האָט מיין מאַן אויך געלאָזן איינשלאָפן אָן וועטשערע. איינער איז געשלאָפן אָנגעשפּאַרט אויפן טיש; אַ צווייטער — לעבן דער ראַדיאָ, דער צווילינג — מיט די שיך אין בעט, און ער אַליין, דער טאַטע, בלאַס ווי דער טויט פון רציחה, האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער דער שטוב, ווי אים וואָלט נאָך עפּעס געקומען אַרויסצוצאָלן.

— באַגראָבן אַ לאַנדסמאַן האָט געדאַרפט נעמען אַ טאָג מיט אַ נאַכט!?

— האָט מיין מאַן אַרויסגעפּלאַצט. און עס האָבן גענומען פליען טעפּ, טעלער אין ז'ער ערד אַריין. כ'האָב געשוויגן און געטראַכט: זאָל מיט דיר וואַרפן דאָס דריי־יאָריקע קדחת, — האָב איך געטראַכט, — דו ווייסט שוין ביי מיר אויך זיצן אין שטוב אַליין, וועסטו וויסן, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן...

— דאָס איז ס'לעצטע מאָל, וואָס דו גייסט ביי מיר צו לויות! — האָט מיין מאַן געדונערט.

— נו, — זאָג איך, — וועל איך גיין צו שמחות. אָבער גיין וועל איך... מיינס אין שטוב בין איך שוין אָפּגעזעסן!

נו, האָט מיין מאַן גענומען ברעכן שטולן, געריסן בילדער פון די ווענט און געוואָרפן אין דר'ערד אַריין. פון דער בראַזגעריי האָבן זיך די קינדער אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ געוויין.

אָט אַזוי האָב איך געהאַט אַ „פּאַרווילונג" איינמאָל אין מיין לעבן... אַן אַנדערע אויף מיין אָרט וואָלט שוין פאַרזאָגט אַ צענטן. אָבער ניט איך....

אין לאַנדסמאַנ'ס פּרווי האָט מיך ביי דער לויה צוגערעדט, אַז איך

זאָל ווערן אַ מיטגליד אין איר קלוב. זיי האָבן, — זאָגט זי, — אָפּט באַנקעטן, קאָנצערטן, שמחות, און אַזוי ווי זי געדענקט, — זאָגט זי, — אַז איך האָב אַ שיין קול צום זינגען, וועל איך ביי זיי ווערן אַ גאַנצער „סטאַר“. אַוודאי וועט מיר ניט אָנקומען גרינג אַרויסצורייסן זיך פון הויז, אָבער איך וועל מיין מאַן מיט דער צייט „איינברעכן“. דערנאָך וועט ער מיר שוין נאָכגיין ווי אַ טאַטע...

# זי איז „אַלראַיט״

(אַ סצענקע אין אַ דאָקטאָר׳ס אָפיס)

קומט זיך אַריין אַ לאַנגע דאַרע אידענע, מיט גראָע האָר, אַ פירעקיג פנים, געל ווי וואַקס, און רעדט מיט אַ קול פון אַ מת:

פרוי: איר זענט דאָס דאָקטאָר שלינגער? מען האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט זייער אַ גרויסער דאָקטאָר און טשאַרדזשעט ניט קיין סך.

דאָקטאָר: זיצט, — ווייזט איר אויף אַ שטול. — וואָס קאָן איך טאָן פאַר אייך?

פרוי: אַזוי בין איך אָלראַיט, נאָר איך ווייס ניט פון וואָס און פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר פון דער העלער הויט צוגעטשעפּעט אַ טרו־קענער הוסט און רייסט מיר אויף מיין קאָפּ. אַ גאַנצן טאָג איז נאָך צו דערליידן. קומט אָבער די נאַכט איז ווי איך לייג נאָר אַוועק דעם קאָפּ אַזוי נעם איך האַקן האַלץ, און אַזוי ביז — טאָג; איר זאָלט זאָגן, איך זאָל צומאַכן מיט אַן אויג... — זי טוט אַ הוסט מיט אַ כריפּ און מיט אַ קוויטש.

דאָקטאָר: איר שוויצט ביינאַכט?

פרוי: אַלץ הייסט שוויצן! איך ליג, ווי אין אַ טייך.

דאָקטאָר: ווי אַלט זייט איר?

פרוי: איך בין נאָך יונג. אָבער הוסטן, הוסט איך שוין אַ היפּשע ביסל יאָרן.

דאָקטאָר: איר זייט אַמאָל געווען ערנסט קראַנק?

פרוי: אַחוץ די דריי „אָפּערעישאָנס״, וואָס איך האָב געהאַט, בין איך תמיד געווען אָלראַיט.

דאָקטאָר: וואָס פאַר אָפּעראַציעס האָט איר געהאַט?

פרוי: מען האָט מיר אויסגעשניטן אַ גוליע אין אַ ברוסט. איר ווילט אפשר זען דעם שניט?

דאָקטאָר: אַ דאַנק. און וואָס נאָך פאַר אָפּעראַציעס?

פרוי: איר זעט דעם שניט אויף מיין האַלדז? דאָס האָט מען מיר אויסגעשניטן אַ גוידער, וואָס ס׳איז מיר געקומען פון אַ שווער האָבן. און שפּעטער האָט מען מיך אָפּערירט אויף גאַל־שטיינער. אַז מען האָט קיין שטיינער ניט געפונען, האָבן זיי כאָטש אַרויסגענומען דעם אַפּענדיקס. איר זאָלט מיר עקסקיוזן, ביי אייך דאָקטוירים, איז דאָך אַלץ אַ קערן — אפילו אַן אַפּענדיקס.

דאָקטאָר: און ווי איז ביי אייך דער מאָגן?

פרוי: דער מאָגן איז ביי מיר אויך אָלראַיט. אַבי — איך עס נאָר ניט קיין פלייש, פיש, אייער, „קרים" און „טשיז". איז דאָך אָבער אַ מענטש ניט פון האָלץ, כאַפּט מען אַמאָל אַ נאַש פון וואָס מען טאָר ניט: אַ קאַפּ סעמען, אַ פּיצל הערינג, אַ ברעקל זויערע פּיקל — נו, נו, פרעגט שוין ניט! — כאַפּט מיך אָן ברענעניש מיט אַ דריקעניש, מיט אַ שפּאַרעניש, אַז ס'איז מיר אַ מינוט צום טויט. מען הייסט מיר נעמען אַ „פיקטשע" אויפן מאָגן.

דאָקטאָר: פאַרוואָס נעמט איר טאַקע ניט קיין עקס־רעי?

פרוי: פאַרוואָס איך נעם ניט קיין עקס־רעי? הלמאי איך דאַרף זיך אַריינשטעלן ציין, אַז איך זאָל ניט דאַרפן שלינגען קיין גאַנצע שטיקער? און פאַרוואָס באַצאָל איך ניט קיין רענט? ס'איז שוין היינט דער פּערצנטער און דער לענדלאָרד סטראַשעט מיך מיט אַ דיספּאָזעס. און ווי נאָר מען גיט אַ קלאַפּ אין טיר, רייסט זיך מיר אָפּ ס'האַרץ. איך מיין, אַז מ'טראָגט מיר שוין אַנטקעגן דאָס גוטע קוויטל. און פאַרוואָס באַקלייד איך ניט די קינדער? זיי גייען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, האַלבנאַקעטע, מיט צעקרימטע שיך. פון מיר רעד איך שוין ניט. און פאַרוואָס נעם איך ניט אַריין, כאָטש איינמאָל אין צוויי וואָכן, אַ פרוי, אַז זי זאָל מיר אָפּוואַשן די פלאָרס און צעוואַשן די וועש, אַז איך זאָל זיך ניט דרייען אין דרייען מיט מיינע רומאַטעס אין די הענט? טאַקע פאַרוואָס?...

דאָקטאָר: אַ מאַן האָט איר?

פרוי: נאָך וואָס פאַר אַ מאַן! אַ שיינעם, אַ געזונטן, אַ קלוגן. נעמט ער און... וואַרפט מיך אַוועק. אפשר ווייסט איר, וואָס פאַר שלעכטס איך האָב אים געטאָן? אים געהאַט אַכט קינדער, ווי בריליאַנטן, און ווען זיי זיינען געווען קליין און האָבן געקרענקט, האָב איך זיך געשלעפּט מיט די קראַנקע קינדער אין די דיספּענסעריס, אין די קליניקס — אומעטום וואו עס קאָסט ניט קיין געלט. איך בין אַליין פאַרשוואַרצט געוואָרן און אים, מיין מאַן, קיינמאָל קיין קרום וואָרט ניט געזאָגט; געשטאַנען פאַר אים, ווי פאַר קייסער. און וויפל ער האָט פאַרדינט, בין איך געווען צופרידן — ניט ווי אַנדערע ווייבער, וואָס יאַדען זייערע מענער, כאָטש גיי גנב'ענען און גיב זיי. גראָד אַזוינע ווייבער וואַרפט מען ניט אַוועק. מען אַקערט פאַר זיי מיט דער נאָז די ערד.

דאָקטאָר: איר הערט עפּעס פון אייער מאַן?

פרוי: די ערשטע צייט פלעגט ער נאָך שיקן פאַר די קינדער. איצט ווייס איך ניט וואו זיין געבליין איז. אָבער גאָט איז אַ פאָטער. ער וועט לאַנג און באַצאָלט גוט. — זי פאַרהוסט זיך און ווערט ברוין און בלוי.

דאָקטאָר: איר האָט אַמאָל קאָפּ־ווייטיק?

פרוי: ווער האָט דאָס ניט קיין קאָפּ־ווייטיק? נאָר, אַז מען הערט זיך ניט צו, גייט עס איבער און מען איז אָלרײַט.

דאָקטאָר: איז אויף וואָס האָט איר געזאָגט באַקלאָגט איר זיך?

פרוי: איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך באַקלאָג זיך אויף גאָר ניט. ווען איר נעמט נאָר צו ביי מיר דעם הוסט, וואָלט איך אינגאַנצן געווען אָלרײַט!...

# די באַטנהאָל־מאַכער אַמאָליקע יאָרן

אַביסעלע געשיכטע פון 1910

אַמאָל איז דער באַטנהאָל־טרעיד (מאַכן לעכלעך פאַר קנעפּלעך) געלעגן אין די הענט פון קאָנטראַקטאָרס. אַדאַנק דער אַמאָליקער מאָדע, ווען די פרויען־קליידער האָבן אין זיך געהאַט אַ סך קנעפּלעך, האָט גע־הערשט אַ „פּראָספּעריטי" אין דעם באַטנהאָל־פאַך. אָבער קיין לעבן האָבן די באַטנהאָל־מאַכער ניט געקענט מאַכן.

ווער ס'האָט נאָר געהאַט אַביסל געלט, האָט געקאָנט ווערן אַ קאָנ־טראַקטאָר. ער האָט אָפּגעקויפט אַלטע זינגער־מאַשינען, און ס'איז אַוועק אַ גאַנג.

דער פאַבריקאַנט האָט געצאָלט דעם קאָנטראַקטאָר אַ דאָלאַר פאַר אַ הונדערט באַטנהאָלס (לעכלעך פאַר קנעפּלעך) און דער קאָנטראַקטאָר האָט געצאָלט דעם אַרבעטער העכסטנס 25 סענט פאַר אַ הונדערט... דער־צו האָט מען נאָך אין אַ סך פעלער געצאָלט פאַר באַטנהאָלס פון „לאָט", און מען האָט אין צווייען באַ'גנב'עט דעם באַטנהאָל־מאַכער, האָט ער דאָס געפילט אין זיינע ביינער. ער האָט אָבער ניט געוואַגט זיך איינצורייסן מיטן קאָנטראַקטאָר־פאַרבאַנד. וואָרים ווען איינער האָט זיך נאָר מיט עפּעס „פאַרזינדיקט", האָט מען אים אין דער קאָנטראַקטאָר־אַסאָסיעישאָן אַוועקגעשטעלט אויפן „שוואַרצן צעטל" און ער איז שוין געווען אויסגע־שטעלט צו שטאַרבן פון הונגער.

שבת פלעגן זיך די באַטנהאָל־מאַכער צוזאַמענקומען אין אָפיס פון־נעם קאָנטראַקטאָר און ער, זייער „ברויט־געבער", פלעגט אויסטיילן די שכירות מיט אַזאַ מינע, ווי מען גיט קצבה. און טאָמער האָט זיך איינער באַקלאָגט, אַז ביי אים איז קראַנק אַ קינד אָדער דאָס ווייב און ער וועט ניט קאָנען אויסקומען, האָט זיך דער קאָנטראַקטאָר אָנגערופן גוט־ברו־דעריש און צום גראַם: „נאַ, אָט האָסטו נאָך עטלעכע דאָלאַר ביז נעק־סטער וואָך, און כאַפּט דיך אַ בראָך". פלעגט דער באַלמעלאָכע ענטפערן אויך צום גראַם: „אויב ס'איז שוין יאָ באַשערט, מעג דאָך זיין פאַרקערט"...

דערנאָך פלעגן זיך אייניקע אַוועקזעצן מיטן קאָנטראַקטאָר שפּילן „אַ פּויקער". ניט איינער פלעגט פון קאָרטן־טישל אַוועק ריין ווי אַ טעלער....

אַ סך פון די באַטנהאָל־מאַכער האָבן געהאַט צו עטלעכע אַרבעטס־

פלעצער. זיינען זיי געלאָפן פון איין שאַפּ צום צווייטן. און ווען צוויי באָטנהאָל־מאַכער האָבן זיך באַגעגנט, האָט מען זיך דורכגעוואָרפן מיט אַזוינע רייד, אַז אַ זייטיקער מענטש וואָלט פון זייער שמועס געקאָנט דרינגען, אַז דאָס זיינען „ריעל־עסטעיטניקעס“, באַלעבאַטים און הענד־לער פון הייזער...

די רייד פלעגן גיין אומגעפער אַזוי:

— ס׳מאַכסטו?

— איך מאַך מיט די זייטן.

— האָסט אַ סך הייזער?

— ניט מער זאָלכטו לעבן. און דו?

— איך האָב צוויי גרויסע הייזער מיט אַ הייזקע. אין דער הייזקע זיינען דאָ עטלעכע לעכער. גיי איך שוין היינט אַהין דאָס דריטע מאָל. און פון די גרויסע הייזער האָב איך אויך קדחת מיט כשר׳ע פּאָדים. אין איין הויז זיינען דאָ אַזוי פיל קאָלירן, אַז עס שווינדלט מיר אַזש פאַר די אויגן. אין צווייטן הויז האָב איך צו טאָן מיט „לאָטס“.

— סעם האָט מזל: ער האָט איין הויז, האָט ער דאָרט אַריין טויזנט לעכער אַ טאָג. אָבער מיט די אַלע גליקן האָט ער די לעצטע וואָך פאַר־זעצט דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס זיין כלה האָט אים געגעבן צו דער חתונה.

— ווייסטו ווער ס׳האָט חתונה געהאַט? דאָס בחור׳ל מיט דער „טי־בי“. אויף וואָס קוקנדיק, ווייס איך ניט.

— ער האָט דאָך עטלעכע הייזער!

— פונדעסטוועגן, מיט די אַלע הייזער, האָט ער געמוזט נעמען דאָס קידושין־פינגערל אויף אויסצאָלן...

אָט אַזוי זיינען באָטנהאָל־מאַכער אַריימגעגאַנגען מיט האָרבאַטע פּליי־צעס, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און געטראָגן אַהיים אַ מורא פאַרן מאָרגנ־דיקן טאָג, ביז — ס׳האָט אין 1910 אויסגעבראָכן דער גענעראַל סטרייק פון די קלאָוקמאַכער. ווען יענער קלאָוקמאַכער־סטרייק האָט זיך זיג־רייך פאַרענדיקט, האָבן די באָטנהאָל־מאַכער אַ סך געוווּנען פון דעם סטרייק. די יוניאָן האָט אָפּגעשאַפט די סיסטעם פון צאָלן פאַר באָטנהאָלס פון „לאָט“, און געצוואונגען די באַלעבאָטים צו באַזאָרגן די באָטנהאָל־מאַ־כער מיט מאַשינען.

דער קאַמף איז נאָך אָבער ניט געווען פאַרענדיקט. די באָטנהאָל־מאַכער האָבן נאָך אַלץ געאַרבעט אויף אַלטע מאַשינען, צו וועלכע מען האָט געדאַרפט האָבן אייזערנע פיס. דער קלאָוק־באָטנהאָל לאָקאַל פון דער יוניאָן האָט דעמאָלט פאַרמאָגט 500 מיטגלידער, אָבער צו מיטינ־

גען זיינען געקומען זייער ווייניק מיטגליהער. און די וואָס האָבן שוין יאָ באַזוכט די מיטינגען, האָבן זיך דאָרט אויך געהאַלטן ווי אויף אַ פרעמ־דער חתונה.

מען האָט געהאַט אָנגעשטעלט אַן אָרגאַנאַיזער פאַר פופצן דאָלאַר אַ וואָך, אַז ער זאָל גיין אין די שעפּער און „וועקן" די באָטנהאָל־מאַכער. נאָר מיט וואָס צו צאָלן דעם אָרגאַנאַיזער האָט מען ניט געהאַט. האָט מען גענומען אַ טעאַטער־בענעפיט, און מיט בילעטן „באַצאָלט" דעם אָרגאַ־נאַיזער פאַר צוויי וואָכן שכירות.

האָט ער זיך באַקלאָגט.

— און די דרייסיק דאָלאַר בילעטן, וואָס מיר האָבן אייך געגעבן איז קיין געלט ניט? — האָט איינער געדונערט.

— מאַכט איר אַ לעבן פון טיקעטס, — האָט געזאָגט דער אָרגאַ־נאַיזער, — איך וואָלט אייך ווינטשן צו ברענגען אַהיים צו אייער פרוי טיקעטס אָנשטאָט שכירות, וואָלט איר געוואוסט מיט וואָס פעפער שמעקט.

די באָטנהאָל־מאַכער האָבן געקוקט אויפן אויסגעהונגערטן אָרגאַנאַי־זער, און האָבן געפילט זיין האַרץ.

דער אָרגאַנאַיזער איז אַלץ געגאַנגען פון איין שאָפּ צום צווייטן און „געוועקט" די באָטנהאָל־מאַכער, ביז — זיי האָבן ענדלעך אויפגעוואַכט. זיי האָבן אָנגעהויבן קומען ערנסט צו די יוניאָן־מיטינגען און שפּעטער האָבן זיי געפירט אַ קאַמף קעגן די באַלעבאַטים און געוואונען ניעו באָטנ־האָל־מאַשינען מיט עלעקטרישער קראַפט, און בכלל בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען.

# אַ חוב...

דערציילט מיר אַ מאַן:

זונטאָג בין איך אַ גאַנצן טאָג געווען אויפן בית־עולם. אַרומגעשפּאַנט אַרום די מצבות פון פריינט, באַקאַנטע, שוין לאַנג פאַרגעסענע... אויך געקוקט אויף די שיינע גערטנדלעך מיט די שמעקעדיקע בלימעלעך און זיך געפרעגט: צו וואָס דאַרפן מתים גערטנדלעך?...

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, אַ ליכטיקער. די זון האָט גע־שיינט און מילדע פרילינג־ווינטעלעך האָבן געגלעט, געלאַשטשעט און גע־היילט די נשמה־וואונדן...

יעדן זונטאָג פרי קאָנט איר מיך זען אַן אויסגעפּוצטן אין סאָבוועי, מיט אַ בוקעט בלומען. מענטשן קוקן אויף מיר און מיינען אַוודאי, אַז איך פאָר צו אַ שמחה אָדער צו אַ געליבטער. קיינעם וועט גאָרניט איינ־פאַלן, אַז אָט־דעם בוקעט בלומען וועל איך באַלד אַוועקלייגן אויף מיין ווייב׳ס קבר.

מיינע האָט זייער ליב געהאַט בלומען. אַליין אויך געווען ווי אַ צאַרטע בלום, וואָס האָט געוועלקט נאָך איידער זי האָט זיך צעבליט. איך האָב איר קיינמאָל ניט געקויפט קיין בלומען... זי האָט געלעכצט נאָך ליבע, צערטלעכקייט, אַ פריינטלעך וואָרט, אַ לאַסקע, און איך האָב אויף איר געשריגן, זיך געקריגט מיט איר, און זי געלאָזט אַליין אויף גאַנצע אָוונטן מיט די פיר ווענט. און ווי שפּעט איך בין ניט אַהיים געקומען, בין איך געווען ביי איר אַ גאַסט. זי האָט געגרייט דעם טיש און סערווירט אַ גע־קעכץ, וואָס האָט פאַרשמעקט ס׳הויז. און געקוקט האָט זי אויף מיר מיט אַזאַ ליבער צערטלעכקייט, ווי אַ מאַמע אויף איר איינציק קינד. און איך בין געווען איר קינד. ווייל קיין קינדער האָבן מיר ניט געהאַט, און זי האָט פאַרמאָגט אַ ים מיט ליבע, וואָס וואָלט געווען גענוג צו באַטיילן צען קינדער. האָט זי דאָס אַלץ מיר אַוועקגעגעבן. און וואָס מער זי האָט געציטערט און געפּלאַטערט איבער מיר, אַלץ ווילדער בין איך געוואָרן, ווי אַ צעלאָזן קינד. מיר האָט דערעסן איר געטריישאַפט, איר מוטער־לעכע איבערגעגעבנקייט. איך האָב ניט געקאָנט פאַרטראָגן איר אונטער־טעניקייט, דאָס פאַדיען אַרום מיר.

יעדן טאָג האָט זי נייע פּאָטראַוועס פאַר מיר צוגעגרייט, און אויב איך האָב ניט געגעסן, האָט זי מיט אַ וויינענדיק קול געזאָגט: „ווייי איז

מיר! פונוואַנען ווייסטו נעמען כוח? ווייסט דאָך אַוועקפאַלן", כאָטש אַנטקעגן איר בין איך געווען אַ ריז. איינמאָל, ווען איך האָב אויף שפּייז אַפילו ניט געקאָנט קוקן, איז זי אַזוי צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל עסן, ביז איך בין געוואָרן ווילד און איך האָב אַ וואָרף־געטאָן אויף איר דעם טיש מיט די טעלער. אַ גליק, וואָס זי איז אָפּגעשפּרונגען אין צייט. אַניט, וואָלט דער שווערער טיש איר געווען איבערגעהאַקט די פּיס...

אַ שווייגנדיקע האָט זי זיך אָנגעבויגן און אויפגעהויבן די צעבראָ־כענע טעלער. מיט אַ פאַרשטיקט קול האָט זי זיך אָנגערופן: „דו האָסט דאָך מיך געקאָנט מאַכן פאַר אַ קאַליקע"... די ווערטער זיינען אַרויס־געזאָגט געוואָרן פול מיט גוטסקייט און מיט צער, אַז איך האָב מיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין.

מיינע פריינט פלעגן זיך פאַר מיר באַרימען, אַז זייערע ווייבער זיינען פירערינס אין פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס. איינער האָט זיך געוויצלט: „מיין ווייב זינגט אין אַ כאָר, און איך עס וועטשערע אויף ,נאָטן'." ס'הייסט, ווען זי גייט אַוועק זינגען, לאָזט זי איבער פאַר אים אַ „נאָוט", וואָס ער זאָל עסן.

האָב איך גע'טענהט מיט מיינער:

— היינט איז אַן אַנדער צייט. פרויען פירן באַוועגונגען, לערנען זיך זינגען, שפּילן, טאַנצן און באַשיינען שמחות. זיי לייענען ביכער, ציימונגען, און אַז זיי קומען צווישן מענטשן, ווייסן זיי וואָס צו ריידן. און דו, — האָב איך איר פאָרגעוואָרפן, — ווען דו קומסט צווישן מענטשן, שווייגסטו ווי אַ פיש...

פלעגט זי ענטפערן:

— אַז יעדערער וועט ריידן, טאָ ווער וועט הערן? — און זי האָט זיך געטאָן אַרום. טאָג און נאַכט געראַמט און געפּוצט ס'הויז, אַז ס'זאָל חלילה קיין שטויבעלע ניט זיין. ס'איז שוין געווען אַזוי ריין, אַז ס'האָט זיך אַזש געשפּירט אַן אומעט...

אַלע אינדערפרי איז זי אויפגעשטאַנען גלייך מיט מיר, צוגעגרייט פרישטיק און אַ פּעקעלע שפּייז פאַר מיטאָג. נאָכדעם, אויסגעלייגט פאַר מיר ריינע וועש, אַ ווייס העמד און אַן אויסגעפּרעסטן אָנצוג. דאָס האָט זי געטאָן יעדן פרימאָרגן, אַפילו דאַן, ווען זי איז שוין געווען גוט קראַנק. און ווען זי האָט מיך געזען אַן אויסגעפּוצטן גיין צו מיין באַשעפטיקונג, האָט זי זיך אין מיר געשפּיגלט, ווי אין אַ גאָלדן פינגערל.

ווען איך האָב מיט איר חתונה געהאַט, איז זי נאָך געווען כמעט אַ קינד, און שיין ווי אַ בלום, וואָס האָלט זיך ערשט אין צעבליען. אָבער אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה, האָט זי גענומען וועלקן... די האָר האַלב־

גרוי און דאָס פּנים ווי אַ פּאַרמעט. דערצו נאָך איז זי געוואָרן אָפּגעלאָזן, געקליידט זיך ווי אַן אַלטמאָדישע פרוי. פלעג איך זיך ביי איר בעטן: „גיי אַמאָל אַריין אין אַ ביוטי פּאַרלאָר', ווי אַנדערע פרויען. קויף דיר אַ פּאָר שיינע קליידער. לאָמיר זיך ניט דאַרפן שעמען צו ווייזן מיט דיר צווישן מענטשן"... קיין געלט האָט איר ניט געפעלט, ווייל איך בין אַלעמאָל געווען אַ גוטער פּאַרדינער. זיינען מיינע רייד געפאַלן אויף טויבע אויערן... האָט עס מיך געקרענקט און איך בין כסדר געווען אויפגערעגט און צו איר קיין גלייך וואָרט ניט אויסגערעדט...

מיין באַנעמונג האָט ווי זשאַווער זי געגעסן. זי האָט אָנגעהויבן איינטריקענען וואָס פון טאָג. און מאָדנע: איך האָב זיך ניט געפילט שולדיק קעגן איר, נאָר געהאַט אויף איר רחמנות. דאָס רחמנות־געפיל איז געווען אַזוי שאַרף, אַז ס'האָט ווי אַ מעסער געשניטן מיין האַרץ.

זי האָט געצאַנקט, און איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט... מיט איר אַוועקגיין פון דער וועלט, האָב איך דערפילט, ווי עפּעס איז אין מיר אָפּגעשטאָרבן, זיך איבערגעריסן אין מיין לעבן און בין געבליבן שטיין אָן אַ ציל... די שטוב, וואו ס'האָט תמיד געבלאַנקט אין יעדן ווינקעלע, שטייט איצט פאַר'יתומ'ט, אָפּגעלאָזן, פול מיט שטויב... צימערן זיינען דאָך ווי לעבעדיקע באַשעפענישן: מען מוז זיי האַלטן ריין... שוועבט נאָך איר לעבעדיקער אָטעם אין הויז, און ס'הויבן זיך מיר ניט די הענט צו ברענגען די דירה אין אָרדענונג. ס'וואָלט זיך מיר געדאַכט, ווי איך נעם מיט מיינע אייגענע הענט און ווישן־אַראָפּ די לעצטע שפּורן פון טרויער, וואָס האָט דאָ געהערשט די לעצטע עטלעכע חדשים...

קיינעם אַרט איצט ניט, צי איך עס, צי איך שלאָף. איך דריי זיך אַרום ווי אַ גר, העט זיך צו צו מיינע טריט און צום ווייטיק פון פאַרוואונדעטן האַרץ...

גיי איך אַלע זונטאָג אויף מיין ווייבס קבר און לייג־אַרויף אַ בוקעט בלומען אויף איר מצבה, וואָס קיינער באַזוכט ניט, אַחוץ מיר... און ווען איך גיי אַוועק, פיל איך ווי איינער, וואָס איז שולדיק אַ גרויסן חוב און צאָלט־אויס צוביסלעך...

# איך און מיין שוויגער

וועז איך האָב מיט מיין מאַן חתונה געהאַט, האָט ער ניט געוואוסט ווי אַ קאַץ אַן עק צו פאַרבינדן. האָב איך אים אַריינגענומען אין די הענט, און גענומען מיט אים קנעלן, אַז אַ באַלעבאָס אין אַ הויז דאַרף אַלץ קענען. האָט ניט לאַנג גענומען און ער האָט זיך ביי מיר אויסגעלערנט: קאָכן, באַקן, ראַמען, וואַשן, פּרעסן. צוויי גאָלדענע הענט! ווען איר זעט, ווי ער פּרעסט־אויס פּאַר מיר בלוזקעלעך, וואָלט איר געשוואוירן, אַז זיי קומען פון דער לאָנדרי. און איז ער אַ טאָג אין הויז, לאָזט ער מיך ניט אויפהויבן אַ שטרוי פון דער ערד. ער טוט זיך אַ נעם ראַמען ס'הויז, ברענט ביי אים די אַרבעט אונטער די הענט. די שויבן פון די פענצטער — ווי שפּיגעלעך, די פאַרהענגלעך אין קיך — ווי געפּאַלענער שניי. און דאָס מעבל, דאָס געשיר, דאָס זילבער — אַלץ בלאַנקט אין זיינע הענט.

מיין מאַן האָט נאָך אַ מעלה: ער ווייסט, אַז איך האָב ליב לייענען, קויפט ער פאַר מיר די נייסטע ביכער. דערציייל איך אים אַלץ וואָס איך לייען, און ער קוקט מיר אין מויל, פונקט ווי פּערל וואָלטן פון דאָרט געפאַלן. ער אַליין האָט ניט קיין געדולד צו לייענען אפילו אַ צייטונג.

מיין מאַן איז ווי אַ קינד. ער האָט ליב, ווען מען רעדט צו אים שטיל, איידל, און מען צערטלט אים. אַזוי געוואוינט געווען ביי זיין מאַמען... נו, קאָסט מיך טייער? רעד איך צו אים שטיל, איידל און פאַרצויגן, און ער קוועלט ווי אַ באָקסער.

איך קויף מיין מאַן אויך מתנות: איינמאָל האָב איך אים געקויפט אַ „קאָך־בוך" אַ צווייט מאָל — הימל־בלויע פאַרטוכער, פונקט דער קאָליר פון זיינע אויגן.

ווען מיין שוויגער האָט געזען, ווי געטריי מיין מאַן איז מיר, האָט זי געזאָגט, אַז ניט אַנדערש, ווי איך האָב אים אָפּגעטאָן אַ כישוף. ווייל ביי איר האָט דער יונג זיך אַליין ניט גענומען אפילו אַ גלאָז וואַסער. מען האָט אים געדאַרפט אַלץ אונטערטראָגן.

מיין שוויגער איז געווען אַ גוטע, שטילע אידענע, מיט אַ חנ'עוודיק פּנים, מיט אַ ליבן אומעטיקן שמייכל. האָט זי דערצויגן זין און טעכטער, וואָס האָבן דער מאַמען געטראָגן אויפן קאָפּ, און זיך געשאַפּט מיט איר, ווי מיט אַ דינסט. אפילו זייערע שיך האָב זיי איר געגעבן צו פּוצן, און אַליין האָט מען ניט אַריינגעטאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער...

מיין שווער איז געווען אַן אָפּגעפּוצטער איד. אַ שיינער, אַ געזונטער, איז ער געזעסן אויבן און געקיניגט... און ס'וויב האָט צו אים אַרויפּ־געקוקט, ווי צו אַ קייסער און אויסגעפּילט זיין יעדן באַפעל...

מיין שוויגער האָט פון מאַן קיינמאָל ניט פאַרלאַנגט קיין שיינע קליי־דער, און אַז זי האָט ניט געפאָדערט, האָט ער ניט געוואוסט, אַז זי דאַרף... יוסף דער שווער האָט איר געגעבן צום לעבן, איז זי געווען צופרידן, זיך ניט באַקלאָגט, ניט פּראָטעסטירט, ניט געעפנט ס'מויל.

מיין שוויגער האָט דעם מאַן, די קינדער, געגעבן צו עסן פליישׁ, און אַליין האָט זי געגריזשעט די ביינער. איז ווי די מתים עסן, אַזאַ פּנים האָבן זיי...

מיין שוויגער'ס האַרץ איז געווען פול מיט אומעט, און איר לעבן — קאַלט און אָרעם. איז זי אויסגעגאַנגען צו הערן פון מאַן אַ ליב וואָרט. זען אַ פריילעכן שמייכל, און ער האָט צו איר קיין גלייך וואָרט ניט אויסגערעדט...

מיין שווער איז געווען אַ קהל'שע קליאַמקע. אים האָט מען געזען ביי מיטינגען, קאָנפערענצן, באַנקעטן. אומעטום האָט ער זיך געלאָזט הערן, און זיך געפּרעגלט אין נחת און אין כבוד.... און ס'ווייב איז געזעסן אין הויז, און געהיט די טעפּ און געטראָגן פּעק פון גראָסערי, פון בוטשער און זיך אונטערגעריסן די קישקעס...

מיין שוויגער האָט חוץ דעם מאַן און איר פולע שטוב מיט קינדער ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. און האָט זי וועגן געהערט פון מלחמות, פּאָגראָמען, ערד־ציטערנישן, עפּידעמיעס, האָט זי געהאַט איין ענטפער: „גאָט ווייסט, וואָס ער טוט, און אַנטקעגן אים טאָר מען זיך ניט שטעלן"....

מיין שוויגער'ס רייד פלעגן מיר דערמאָנען דאָס באַיואוסטע ליד:

„ווייניק וואָס ווינסדיק,
גאָרניט געניסנדיק,
לעבט איר פאַרגרעבטערהייט,
שטאַרבט ניט געלעבטערהייט,
גלויבנדיק אין גאָט —
גלויבנדיק, שטרעבט איר ניט,
האָפנדיק, לעבט איר ניט,
האָט איר דען יענע וועלט?"

און ווען מיין שוויגער איז געשטאָרבן האָט מען פון איר אויך ניט געמאַכט קיין וועזן:

„ווי אַ ווינט פאַרפלויגן,
ווי גאָר קיינמאָל ניט געווען" . . .

די טעכטער האָבן זיך באַלד איינגעטיילט מיט דער מאַמע׳ס צירונג, וואָס זי האָט אַלס כלה געקראָגן ווי מתנות פון חתן: אַ זייגערל, מיט אַ „האַלבער לבנה", דימענטענע עפּריצלעך, אַ לאַנגע קייט, גאָלדענע אויער־רינגלעך, און אַ קידושין־פינגערל. איך האָב קיינמאָל מיין שוויגער ניט געזען אויסגעפּוצט אין איר צירונג. דערפאַר אָבער האָב איך זי ניט איינמאָל געזען טראָגן ס׳צירונג אין „פאון־שאַפּ" צו פאַרזעצן.

און מיין שווער, מיינט איר, האָט זיך אויסגעוויינט די אויגן, וואָס ער האָט פאַרלוירן אַזאַ געטרייע ווייב? גייט שוין, גייט! ער האָט קוים דערצויגן ביז איבער שלושים, און גענומען אַ אידענע, אַ געזונטע, אַ הויכע, ווי אַ דראַגונער, און זי האָט אים שוין געגעבן די וועלט צו זען...

ס׳ערשטע האָט זי איינגעפּירט, אַז דער מאַן זאָל ניט וואַגן אַריבערטרעטן די שוועל אָן איר... דאַן האָט זי געפאָדערט אַ שיינע היים, שיינע קליידער, טעאַטער, פאָרן אין קאַונטרי, און וואָס ניט? האָט מיין שווער געקאַקערט מיט דער נאָז די ערד, אַז פאַר דער צווייטער זאָל אַלץ זיין... ווי גייט ס׳ווערטל: „די צווייטע ווייב האָט גאָלדן לייב..."

און ווען מיין שוויגער שטייט איצט אויף און זעט, ווי די צווייטע לעבט ביי איר מאַן, וואָלט זי זיכער נאָכאַמאָל געשטאָרבן...

# שרה און אירע לידער

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען די אַלטע שרה האָט זיך געשלעפּט איבער פּאַרשלאָפענע, ביינאַכטיקע גאַסן, ביז זי האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ האַלב־באַלויכטענעם הויז. זי האָט מיט אירע צי־טערדיקע פינגער אויפגעשלאָסן די טיר און איז אַריין. איר שטוב איז איצט געווען פּוסט און זי אַליין אויך ווי אַן אויסגעליידיקטע. עפּעס אַזאַ מידקייט האָט זי היינט געפילט אין אַלע אירע גלידער. זי האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן און געדעדט אין זיך: „שוין ניט פאַר מיינע כוחות מיט־צוהאַלטן מיט די יונגע און זיך שלעפּן ביינאַכט צו מיטינגען".

איר פּנים איז איצט געווען מאַט און בלאַס, מיט אַ נעץ פון קנייטשן אַרום די אומעטיקע אויגן און מיט איר צאַרטן קערפּער האָט זי אויס־געזען ווי אויסגעטריקנט פון אַלע זאַפטן.

שפּעטער, שוין אויפן געלעגער, האָט זי געעפנט איר צייטונג, אי־בערגעקוקט די נייעס, נאָכדעם די נאָטיצן פון אָרגאַניזאַציעס, ווי ס׳איז געווען איר טבע, און שוין געוואָלט אַוועקלייגן די צייטונג, ווען ס׳האָט אַ שיין־געטאָן פאַר אירע אויגן אַ מעלדונג, אַז ס׳ווערט איצט געפייערט דער געבורטסטאָג פון באַליבטן דיכטער אברהם רייזען. דאָס שטיקל נייעס האָט שרה׳ן אַריינגעבראַכט ווי אין אַן אַנדער וועלט. זי האָט פאַר־געסן אין איר מידקייט און ס׳האָבן גענומען אויפוואַכן אין איר זכרון טעג פאַרגאַנגענע, גליקלעכע, וואָס וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט אומ־קערן. „אַך, וויפל שמחות זי האָט באַשיינט מיט אָט־דעם דיכטער׳ס לי־דער! יעדעס ליד זיינס איז דאָך פאַר איר געווען ווי אַ בלום, וואָס זי האָט איינגעפלאַנצט אין איר האַרצן... און דאָרט וועלן זיי שוין בליען אייביק..."

נאָך אַלס קינד, אין דער אַלטער היים, האָט אַ מומע זי געלערנט זינגען פאָלקס־לידער. פלעגן זי די ווייבער שלעפּן פון איין פריזבע צו דער צווייטער אין זי האָט פאַר זיי געזונגען: „אוי, זונעניו, גיי אין חדר, גיי מיין תכשיט, גיי מיין לעבן! קוק אַריין, לערן כסדר, אַ שיינע כלה וועט מען דיר געבן!" — און „צי האָט איר געהערט אַ נייעס אויף דער וועלט, אַז אַ בחור זאָל זיצן ביז פינף־און־צוואַנציק יאָר?" — ווי אויך „האַלט מיך קינדער אונטער". אָבער ערשט אין אַמעריקע, שוין אַלס דער־וואַקסן מיידל, האָט איר טאַלאַנט געפונען אַ תיקון. דאָ האָט זי זיך באַ־קענט מיט לידער פון וועלט באַרימטע דיכטער און פלעגט מיט זיי אויפ־

טרעטן צו ליטעראַרישע אָוונטן וואו מען האָט זי געקרוינט אַלס קינסט־לערין. און ניט נאָר אַלס יונגע מיידל, נאָר אפילו, יוען זי איז שוין געווען אַ מאַמע פון אַ פּאָר קינדערלעך, האָט זי אויך ניט אויפגעגעבן דעם קונסט־געביט.

שרה מיט איר מאַן מישאַ זיינען געווען אַ גוט־צוגעפּאַסטע פּאָר. אײי־נער אָן צווייטן האָט קיין טראָט ניט געמאַכט. פלעגט מישאַ גערן באַ־גלייטן דאָס ווייב צו ליטעראַרישע אָוונטן. און ווען זי איז געשטאַנען פאַר אַן עולם און געזונגען, איז מישאַ זיך געזעסן אין אַ ווינקל. מיט זיינע שמייכלענדיקע אויגן און זי האָט געפילט ווי וואַרעמע שטראָמען וואָלטן זיך געצויגן פון אים צו איר.

שרה איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ שטאַלטנע ברונעטקע, מיט אַ ברייטן שטערן, די האָר פאַרלייגט אין צוויי צעפּ ווי אַ קרוין און מיט אירע ליכטיקע, גוטע אויגן, האָט זיך איר פּנים ממש געבעטן: „האָב מיך ליב!"

נאָך אַ ליטעראַרישן אָוונט איז מישאַ'ס האַרץ געווען פול מיט פרייד פאַר זיין שרה'לען. און נעמענדיק זי אונטערן האַנט, האָט ער זי צערט־לעך געפירט אַהיים.

אָט אין איינעם פון די גליקלעכע טעג האָט ביי מישאַ'ן פּלוצלונג אָפּגענומען אַ האַנט. שרה האָט מיט שרעק געקוקט אויפן מאַנ'ס טויטער האַנט, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען ווי אַן אָפּגעבראָכענער צווייג פון אַ שיינעם געזונטן בוים... שפּעטער האָבן גענומען ביי מישאַ'ן אָפּשטאַרבן אַנדערע גלידער. האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה דאָקטוירים, ספּעציאַליסטן, רפואות, אָבער אַלע מעדיצינישע מיטלען האָבן ניט געהאָלפן. איז שרה געווען געצוואונגען איבערצולאָזן דעם קראַנקן מאַן און ווערן די ברויט־געבערין פאַר דער פאַמיליע.

נאָך אַ טאָג־אַרבעט אין שאַפּ, פלעגט זי זיך ערשט אַ נעם־טאָן צו דער הויז־אַרבעט: צוגרייטן ריינע זאַכן פאַר אירע קינדער, באַזאָרגן שפּייז פאַרן מאָרגנדיקן טאָג און מישאַ איז זיך געזעסן אונטערגעשפּאַרט מיט קישעלעך און אַ טיפער טרויער האָט זיך געגאָסן פון זיינע אויגן....

פון שרה'ס אויפטרעטן צו ליטעראַרישע אָוונטן, האָט שוין איצט, פאַרשטייט זיך, קיין רייד ניט געקאָנט זיין. אָבער אינגאַנצן זיך פאַר־בויגן האָט זי אויך ניט געקאָנט. איז ווי נאָר זי האָט געפונען אַ פרייע מינוט, האָט זי זיך אויסגעלערנט אַ נייע ליד און מיט איר זינגען אַריבער־געשריגן אין שאַפּ דעם רויש פון די מאַשינעס.

איינמאָל האָט שרה געפנט רייזען'ס אַ באַנד לידער און איר אויג איז געפאַלן אויף אַ ליד „אַ פראַגע", וואו דער דיכטער פרעגט:

„ריימען וואָס איך האָב געקליבן,
פערזן וואָס איך האָב געשריבן,
לידער וואָס איך האָב געזונגען,
טענער וואָס איר האָט געקלונגען.
זאָגט מיר, וואָס וועט פון אייך זיין,
ווען איך וועל אין גרוב אַריין?
וועט זיך ווער עס איז געפינען,
מיט אַ האַרץ און מיט אַ זינען
און אייך, מיינע ליבע גראַמען,
קלייבן, פלעכטן אייך אין קראַנץ
מיט אַ צאַרטער האַנט צוזאַמען,
אַז בלייבן זאָלט איר אייביק גאַנץ?
צי איר וועט גיין פאַרלאָרן
ווי קיינמאָל ניט געבאָרן?"

שרה האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן לייענען און ס'איז איר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז זי קאָן גאָר ווערן די „צאַרטע האַנט". זי וועט צוזאַמענקלויבן די אָרעמע קינדערלעך פון איר בלאָק און זיי לערנען זינגען און דעקלאַמירן אָט־דעם דיכטער'ס לידער, ווי אויך אַנדערע לידער.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט שרה געלאָזט וויסן אַ שכנה וועגן איר פּלאַן. די שכנה האָט מיטגעטיילט אַ צווייטער, די צווייטע אַ דריטער, און ס'איז געוואָרן פריילעך אין שטעטל.

אַלע זונטיק, אין אַ באַשטימטער שעה, פלעגן קומען צו שרה'ן אין הויז מיידעלעך און אינגעלעך אָנגעטאָן אין קאָלירטע זומערדיקע קליידלעך און זיך אויסגעזעצט אויפן טעפּיך, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אויף דעם דיל. האָט דאָס בילד געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ בלומען־גאָרטן פון אַלערליי שאַטירונגען. די קינדער האָבן זיך גערן געלערנט זינגען און דעקלאַמירן. דערצו זיינען אייניקע געווען באַשאָנקען מיט דער פעאיקייט איבערצונעמען אַ ליד, נאָכן ערשטן און צווייטן מאָל איבערזינגען. יענע וואונדערלעכע זונטיקס נעמט שרה איצט אַרויס פון איר זכרון, ווי מען נעמט אַרויס צירונג פון אַ פלושן קעסטעלע און מען שפּיגלט זיך אין דעם.

אָט שטייט פאַר אירע אויגן דער צען־יאָריקער סעמעלע, ווי ער דעקלאַמירט:

„די אויגן פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט!
די הערצער זיך שלאָגן, מיט קראַפט און מיט מוט!"

און אברהמ'עלע דעקלאַמירט מיט אייגענער באַגאַבטקייט:

„אַ סוף זאָל דאָס נעמען צו נאָדל און שער!
איך בין מער קיין שניידער,
„איך אַרבעט ניט מער!"

און איר אייגענער זון, יאָסעלע, מיט די ברענענדיקע אויגן, דע־קלאַמירט:

„באָמבלט זיך דאָס קייטעלע, פריילעך אויף מיין ברוסט,
וועקט עס דאָרט, מאָנט עס דאָרט, האָפנונג, לעבן, לוסט,
צי דאָס איז אַ זילבערנע, צי דאָס איז פון גאָלד,
געגעבן האָט זאָס די כלה מיר, און איך האָב זי האָלד".

און די שיינע פערעלע דעקלאַמירט:

„די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ,
קיין טראָפּן בלוט אין באַק ניטאָ".

און אַז דער גאַנצער כאָר פלעגט געבן אַ זינג: „אַך, וואָס קלינגט איר קירכן־גלאָקן, הערט שוין אויף! גענוג געשראָקן!"... פלעגט זיך דאָס געזאַנג צעטראָגן דורך די אָפענע פענצטער אין גאַס אַריין, און מענטשן פלעגן זיך אָפּשטעלן קוקן אויף דעם פאַר'כישופ'טן הויז, מיט די אָפּגע־קאַלופּעטע ווענט, פונוואַנען ס'האָט זיך געהערט דאָס שיינע געזאַנג.

איינמאָל האָט אַן אַלטע שכנה התונה געמאַכט די מיזינקע. איז ווען אַלע מחותנים האָבן זיך פאַרזאַמלט, איז שרה אַריין אַהין מיט איר קינדער־כאָר און אָפּגעזונגען דער מחותנת'טע „די מיזינקע אויסגעגעבן". די מחותנים האָבן מיטגעזונגען און צוגעפּאַטשט מיט די הענט, האָט די אַלטע אויסגעגלייכט דעם איינגעבויגענעם רוקן און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ, מיט אַלע זיבן הנ'ען.

שרה האָט געלערנט די קינדער דאָס אידישע ליד, און צווישן איר און די שכנים האָט זיך אַ גרויסע פריינטשאַפט געוועבט. די שכנים האָבן זיך גענומען אינטערעסירן מיט שרה'ס לעבן, געהיט אירע קליינע קינ־דער אין גאַס, אַז זיי זאָלן חלילה ניט איבערגעפאָרן ווערן און אויך אָפּט

אַריינגעטראָגן אַ וואַרעם לעפל געקעכץ פאַר איר קראַנקן מאַן ווען זי, שרה, איז געווען ביי דער אַרבעט.

נאָך אַ זומער לערנען זיך, האָבן שוין די קינדער אַליין באַשיינט משפחה־שמחות מיט די לידער, וואָס שרה האָט זיי אויסגעלערנט.

ליגט זי איצט די אַלטע שרה אויף איר בעט און טראַכט: יענע קינדערלעך מוזן דאָך שוין איצט אַליין זיין טאַטע־מאַמע. צי לערנען זיי זייערע קינדערלעך דאָס אידישע ליד? זי וואָלט אויך אַ בעלן געווען וויסן, צי וועלן די מענטשן, וועמען זי האָט אַזוי טריי געדינט מיט איר טאַלאַנט, זי אַמאָל דערמאָנען?

מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי אָפּגעריסן פון דער וועלט, דעקלאַמירט זי:

„וועל איך גיין פאַרלוירן,
ווי גאָר קיינמאָל ניט געבוירן,
ווי פון יוגנט די חלומות,
ווי אין שול די אַלטע שמות,
ווי אַ וואָלקן אין דער הויך,
ווי אַ ווינט און ווי אַ רויך?" . .

# וואָס אַ אידישע לערערין טוט אַלץ!

(אַ רעדע ביי אַ שול־באַנקעט)

חברים, פריינט און געסט! איצט, אַז איר האָט שוין אַליין געהערט און געזען, ווי אונדזערע קינדער לייענען אידיש, דעקלאַמירן, זינגען און טאַנצן, וועל איך אייך פאָרשטעלן די לערערין, וואָס האָט זיי די אַלע זאַכן אויסגעלערנט.

אָבער מיינט ניט, מיינע פריינט, אַז דאָס איז גלאַט אַזוי עפּעס אַ לערערין. איך זאָג אייך — דאָס איז אַ מיידל מיט צוויי גילדענע הענט! אַז וואויל און גוט וועט זיך דעם מאַן, וואָס וועט זי קריגן פאַר אַ ווייב! וואָרים, איר ווייסט דאָך ווי מען זאָגט: „אַ ווייב קאָן שטעלן אַ מאַן אויף די פיס, און ער קאָן פון איר פאַלן פון די פיס". דאָס נעמלעכע איז אויך מיט אַ לערערין. זי קאָן אויפבויען אַ שול, און קאָן זי צעברעכן.

אונדזער לערערין, למשל, קומט אַלע טאָג אין שול מיט אַ שעה פריער. ערשטנס, מאַכט זי דעם אויוון, דאַן קערט זי אויס דעם שול־צימער, צעוואַשט די גלעזער פון דער טיר, וואָס די טוער און פּאַרוואַל־טער לאָזן איבער אויף גאָט'ס באַראַט. מיט איין וואָרט — ווען די קינ־דער קומען לערנען, איז שוין ציכטיק, ריין און וואַרעם, אַ מחיה!

די אַנדערע לערער, וואָס מיר האָבן געהאַלטן, פלעגן חוץ לערנען ניט אַריינטאָן אַ האַנט אין קאַלט וואַסער, נעמען אַמאָל אַ בעזים אין האַנט, אָדער אויסוואַשן אַ גלאָז; ווי ניט זיי מיינט מען... ס'האָט גע־מעגט זיין אָנגעחזיר'ט ביז איבערן קאָפּ, און קאַלט, כאָטש פאַרטרייב הינט, איז מען בעסער געזעסן איינגעקאָרטשעט אין קעלט, געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן און — גאָרניט!

אין דער אמת'ן, וואו שטייט דאָס געשריבן, אַז מיר, די שול־טוער, דאַרפן פאַר אַלץ אַליין פאַרלייגן מיטן קאָפּ?

איז ניט געווען, וואָס די פריערדיקע לערער האָבן מיט קיין פינגער ניט אַ ריר געטאָן, האָבן זיי נאָך געהאַט טענות צו אונדז: הלמאי מיר זעען ניט אָנשטעלן עמיצן פאַר אַ פּאָר סענט אַ וואָך, ער זאָל האַלטן ריין און וואַרעם דעם שול־צימער? אַי, וואו זאָל מען אויף אַלץ נעמען? אַז האַלב פון די קינדער, וואָס גייען אין אונדזער שול, קאָנען ניט צאָלן, און די איבעריקע עלטערן, וואָס קאָנען שוין יאָ צאָלן, מאַכן זיך גלאַט

ניט־וויסנדיק, ווי זיי וואָלטן נאָך אונדז געטאָן אַ טובה, וואָס מיר לערנען און דערציען זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן ניט שטיין אויף די קאָרנערס און זיך דרייען אויפן קאָרעק.

איז, מילא, איר טוט גאָרניט פאַר דער שול, און שכר־לימוד ביי איך, איז ווי צו רייסן באַק־ציין, טאָ קומט כאָטש און זעט, ווי אייערע קינדער באַשיינען אונדזערע שמחות. איז דאָס אויך ניט! מען וועט בע־סער זיצן ביז האַלבער נאַכט ביי אַ פינאָקל, אָדער אין די מואוויס, איידער קומען צו אונדז... קומט אויס, אַז מיר, די פאַרוואַלטער, דאַרפן בלויז שעפּן נחת פון זייערע קינדער, וואָרום אונדזערע קינדער האָבן מיר שוין לאַנג חתונה געמאכט...

איז אַנטקעגן וואָס דערצייל איך אייך דאָס אַלץ? יאָ, טאַקע, ווידער אַנטקעגן אונדזער לערערין, וועלכע גיט אַוועק פאַר דער שול איר לעבן, אי בייטאָג אי ביינאַכט! אָט טוט אומיסטן אַ קוק אויף די שויבן פון די פענצטער, גאָר ווי שפּיגעלעך! די פאָרהענגלעך ווי געפאַלענער שניי און עס בלאַנקט דאָך אין יעדן ווינקעלע. און ווער טוט דאָס אַלץ, מיינט איר? אַלץ זי! אפילו דאָס פלייש מיט די זויערע פיקל, וואָס איר עסט איצט ביים באַנקעט, האָט זי אויך געהראָגן אַ ביישטייערונג.

אַלץ אונדזער לערערין — אַ לעבן אויף איר!

# אַ טעכטערל

צוועלף אַזייגער ביינאַכט: דער מאַן זיצט פאַרטיפט אין אַ צייטונג. פון גאַס קומט אַריין די פרוי, גייט אים פאַרביי און קוקט אפילו ניט אין זיין ווינקל. פון שלאָף־צימער הערט מען ווי זי רעדט:

— איך וועל זיך נאָך ס׳לעבן נעמען! זע, ווי זי האָט זיך איינגע־וויקלט אין דער גאַנצער „קווילט״ און איז אָפּגעגאָסן מיט שוויס: אפילו די שיך ניט אויסגעטאָן...

— וואָס איז שוין דאָ געווען? — פרעגט זי מיט רוגזה ביים מאַן, אַריינקומענדיק אין קיך.

— גאָרניט! — ענטפערט דער מאַן, ניט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ פון דער צייטונג.

— וואָס הייסט, ס׳איז גאָרניט געווען? עפּעס איז דאָך יאָ געווען!

— שטייט צו די פרוי.

— זי האָט געוואָלט, אַז איך זאָל איר געבן אַ דאָלאַר פאַר „סיל־קענע סטאַקינגס״ (זיידענע זאָקן).

— טאָ פאַרוואָס האָסטו איר ניט געגעבן?! דו ווייסט. אַז מיט איר דאַרפסטו זיך ניט אָנהויבן! זי איז דאָך ניט איך, וואָס שלינג אַלץ אַרונטער!...

— אַ מיידל פון דרייצן יאָר קען זיך נאָך באַגיין אָן דאָלאַרדיקע סטאַקינגס. שוין צייט, זי זאָל וויסן, ווי אַזוי איר טאַטע ווערט פאַרשוואַרצט ביז ער פאַרדינט אַ דאָלאַר, שטופנדיק אַ „פושקאַרט״, און ווי אַזוי ער ווערט געטריבן פונעם פּאָליסמאַן פון איין אָרט אויפן אַנדערן ווי אַ הונט!

— דער גאַנצער חורבן בית־המקדש איז אויסגעפאַלן אויף דיר, — זאָגט די פרוי מיט גאַל.

דער מאַן טוט אַ טיפן זיפץ און גייט אַוועק זיך לייגן שלאָפן אין אַ זייטיקן צימער. די פרוי לייגט זיך שלאָפן מיט דער ברוגז׳ער טאָכטער.

— שטיי־אויף, טוטסי! זע, ווי דו האָסט אויסגעשמוצט דאָס בעט, „יו בעד גוירל!״

— „דאָנט טאָק טו מי!״ — זאָגט טוטסי צו דער מוטער.

— אַז דו ביסט „מעד״ מיטן פּאַפּאַ טאָ פאַרוואָס „בלעימסטו״ מיך? האָסט דאָך געהערט, ווי איך האָב גענומען דיין „פּאַרט״, און אים געגעבן „העל״!

— „שאַראַפּ!“ — איך בין „דיסגאָסטעד“ מיט איך ביידן! — זאָגט דאָס טעכטערל.

— טאָ לאָז אָפּ די „קווילט“ און לאָז מיך זיך צודעקן. איך בין נאַקעט און אין שטוב איז אַזוי קאַלט! — בעט זיך די מוטער ביי טוטסין.

— „אַי שוד וואָרי!“ — ענטפערט דאָס מיידל און האַלט צו די קאָלדרע מיט אַלע כוחות.

— אוי, מיין פינצטער מזל! — קלאָגט די פרוי (זי קריכט אַרונטער פון בעט, נעמט דעם מאַנטל וואָס זי טראָגט אין גאַס, דרייט זיך צוזאַמען אין דרייען און דעקט זיך צו, דערביי רעדט זי צו זיך אַליין):

— איבער אַ דאָלאַר הויבט מען זיך אָן מיט אַ קינד... אַזוינע טאַטעס האָט מען געמעגט געדיכט זייען. און זיי זאָלן שיטער אויפגיין...

# ניט באַשערט הנאה האָבן פון לעבן

זייט מיר מוחל, וואָס כ'שלאָג אייך איבער. ביי אייך איז ניט דער ריכטיקער רומאַטעס. וועגן רומאַטעס פרעגט מיך!... איר מעגט אייך לאַכן, נאָר איך זאָג אייך, ווען איך אַרבעט אין אַ „פעיפער“, וואָלט איך געמאַכט יאַטיקער גאָלד! איך קאָן דאָך אייך זאָגן אַקוראַט, וואָס פאַר אַ וועטער עס וועט זיין מאָרגן. ווי אַזוי? גאָר פשוט: נעמט מיר דרייען די רעכטע האַנט, איז אַ סימן אַז עס וועט שנייען; דרייט מיר דער לינקער פוס, וועט רעגענען. און איך וועל אייך אָסור „דיסאַפּאָינטן“, ווי דער וועטער־נביא אין „פעיפער“.

איך האָב, נישט איצט געדאַכט, געאַרבעט אין אַ רעסטאָראַן אַלס „דיש־וואַשער“. דער רעסטאָראַן האָט זיך געפונען אין אַ קעלער, וואו עס איז תמיד געווען פייכט. קיינמאָל איז דאָרט קיין שטראַל פון דער זון ניט צוגעקומען. טאַקע דאָרט האָב איך געקראָגן דעם רומאַטעס. עס האָט מיך איינמאָל געגעבן אַ כאַפּ אַזאַ דרייעניש, אַז מען האָט מיך געמוזט אַרויסטראָגן אין אַ „סטרעטשער“, און צונעמען אין אַ האָספּיטאַל. אָפּגעלעגן אַ פּאָר וואָכן ווי אַ געליימטער, בין איך ענדלעך געזונט געוואָרן. ערשט ס'רופט זיך אָן דער דאָקטאָר:

— איר טאָרט ניט אַרבעטן אין קעלער אַלס „דיש־וואַשער“.

— מאַלע, זאָג איך, וואָס איך טאָר ניט. טאָ פון וואָס זאָל איך לעבן? פון פּראָצענטן? — און איך בין אַוועק אויף מיין דזשאַב.

אָבער אויף מיין פּלאַץ איז שוין איצט געשטאַנען אַן אירישער יונג, ווי אַ העמב!

קיין אַנדער דזשאַב האָב איך ניט געקענט געפינען, בין איך אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, וואו געטאָגט ניט גענעכטיקט, ביז איך בין, מיטן אויבערשטנס הילף, אָנגעקומען אויף רעליף... מאָלט אייך, ס'רעדט זיך נאָר אַזוי, אָנגעקומען... וויפל בלוט זיי האָבן פון מיר אָפּגעצאַפּט, ביז זיי האָבן מיר געגעבן דעם „רעליף“, זאָל זיי גאָט ניט רעכענען! ס'איז געקומען אַזוי וויט, אַז איך האָב אָוועקגע'חלש'ט פאַר זיי אין די אויגן, און מען האָט מיך ווידער געמוזט אָוועקנעמען אין האָספּיטאַל... נאָר וואָס געווען איז פאַרפאַלן. איצט בין איך מיט מענטשן גלייך!...

אויף עסן קריג איך דריי דאָלאַר אַ וואָך: „סעיף“ איך נאָך אַ דאָלאַר.

וואָרים, ווי אַ זאַך מאַכט זיך און זיי הערן־אויף געבן, וואָס וועל איך דאַן טאָן? אַזוי וועל איך האָבן מיט וואָס זיך צעפירן די הענט!... ווי זאָגט מען:

„אַז מען לעבט מיט חשבון, שטאַרבט מען מיט ווידוי!...“

וואָס איך עס? אַ דאגה, וואָס מען עסט, אַבי מען איז ניט הונגעריק. וואו שטייט עס געשריבן, אַז מען דאַרף עסן געבראָטענע מארצעפּאנעס? און פאַרטרינקען מיט מילך? און אַז מען עסט אַ שטיקעלע מאטשעס הערינג און מען פאַרטרינקט מיט טיי און לעמאָן, איז שלעכט? וואָס מען לייגט אַריין אין דער פינצטערער קישקע זעט קיינער ניט... וואָלט זיך איצט צו מיר ניט צוגעטשעפּעט אַ נייע חולאת, וואָלט איך דאָך געלעבט און געלאַכט!

— וואָס פאַר אַ חולאת?

— איך זאָל אַזוי וויסן פון מיין רומאַטיזם, ווי איך ווייס וואָס פאַר אַ חולאת.

אָט אַזוי ווי איר זעט: ניט מיר, ניט דיר, ווערט מיר פינצטער אין די אויגן, די אָדערן פון די פיס נעמען ציען, די הענט ציטערן, און אונטערן האַרצן, ווי הונדערטער פּיאַווקעס וואָלטן דאָרטן געלעגן און אַרויסגעצויגן דעם לעצטן טראָפּן בלוט. הכלל, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, אַז עס טוט מיך אַ נעם, איז מיר אַ מינוט צום טויט! פאַל איך אַוועק און טראַכט: ניט באַשערט מיר, אַפּנים, הנאה האָבן פונעם לעבן. איצט, ווען גאָט האָט מיך שוין יאָ אויפגעריכט, נאַ, אָט האָסטו דיר, אַ שפּאָגל נייע אָנשיקעניש!...

# אונדזערע טוער — זאָלן זיי געזונט זיין

עס טרעפט, אַז אין אַ הייסן אָזונט איז דער ברענטש־מיטינג זייער שוואַך באַזוכט. די עטלעכע מיטגלידער, וואָס קומען שוין יאָ, זיצן אויך ווי צושויער אין טעאַטער. איז די פּאַרטײַטעלונג אינטערעסאַנט, זיצט מען ביז׳ן סאַמע סוף, אלא ניט — גייט מען אַוועק אָן אַ „זיי געזונט״.

דער רעקאָרדינג־סעקרעטאַר איז אַ מוסטער פון אַ בויער. ער צייכנט זיך אויס אין יעדער מיטגלידער־קאָמפּאַניע. אַדאַנק אים וואַקסט דער ברענטש. און אַלץ וואָס ער טוט איז שטיל און באַשיידן, אפילו דעם פּראָטאָקאָל לייענט ער זיצנדיק... און אַזוי שטיל, אַז מען דאַרף צולייגן אַן אויער מען זאָל קאָנען הערן אַ וואָרט. האָט דעריבער די עקזעקוטיווע איינגעזען, אַז אָט דער טייערער חבר איז צוגעפּאַסט צו ריידן אויף גאַסן־פאַרזאַמלונגען...

אונדזער ליטעראַטור־אַגענטקע האָט אינזינען די ליטעראַטור, פּונקט ווי איר אייגענע באַלעבאַטישקייט. איר האָט זיך איינמאָל אַ פאַרנאַכט געדאַכט, אַז איר פעלן־אויס אַ פּאָר זאַכן צום סאַפּער, האָט זי אויף גיך אויפגעשריבן אַן אָרדער אין גראָסערי: דריי טוצן „מאָרגן־פרייהייטס״, אַ פּאָר טוצן „דעילי וואָרקערס״, צען „וואָרקינג וואומען״. פופצן זשורנאַלן „היים און דערציאונג״, אַכט זשורנאַלן „סאָוויעט ראָשיאַ טודעי״, און אַזוי ווייטער.

אונדזערער אַ פירער פון ברענטש קאָן די גאַנצע קאָנסטיטוציע פונעם קלוב אויף אויסנווייניק. איז גוט. אָבער ווען ער טוט זיך אַ נעם איינשווערן אַ נייעם מיטגליד, קאָן מען אויסגיין אונטער זיינע הענט. ער וויל ניט אַנדערש ווי אַריינפּאָמפּען די גאַנצע קאָנסטיטוציע דעם מיטגליד אין קאָפּ אַריין. ווען ער ווערט ענדלעך פאַרטיק, זיינען זיי שוין ביידע אָפּגעגאָסן מיט שוויס... עס איז שוין צען יאָר זינט ער האָט מיך איינגעשוואוירן און איך קאָן נאָך אַלץ ניט קומען צו זיך, און פון דעמאָלט אָן רייד איך פון שלאָף.

אונדזער פינאַנץ־מיניסטער איז זייער אַ פּראַקטישער מענטש. למשל: די מיטגלידער האָבן זיך דערוואוסט, אַז זייער אַרבעטער־צייטונג נויטיקט זיך אין שטיצע. האָט מען גענומען קלאַפּן טרעוואָגע, און ס׳איז באַלד געוואָרן געלט! גיט מען דאָס געלט צום סעקרעטאַר, ער זאָל דאָס

באַלד אַוועקשיקן וואו מען דאַרף. איז ער זיך מיישב, דער קאָפּ־מענטש, און באַצאָלט מיטן געלט דירה־געלט פאַרן מיטינג־לאָקאַל.. „נישקשה, — מאַכט ער, — די צייטונג קאָן צוואַרטן, דער לענדלאָרד איז ביל־כער“... וואָס אַרט איך, פאַר אַזאַ מעשה איז זיין „מיניסטעריום“ ביי אונדז געגאַנגען אַ גאַנג!...

דער האָספּיטעלער דערציילט:

— איך בין געלעגן מיט פיבער. דערהאַלט איך אַ קאָרטל, אַז אונ־דזערער אַ ברודער ליגט אין שפּיטאָל. בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און אַוועקגעלאָפן אָפּטראָגן דעם ברודער אַ פּאָר קראַנקן־סערטיפי־קאַטן. מיין ווייב האָט מיך אפילו געוואָלט אָפּהאַלטן, נאָר ווער הערט זי? ס'איז נישט קיין קלייניקייט: עס פאַלט אַוועק אַ טאַטע פון קליינע קינדער, און ס'איז ניטאָ פונוואַנען אַ טאָג איבערצולעבן.

פאַראַן ביי אונדז אין קלוב אַ היפּשע צאָל טאַלאַנטן: לעקטאָרן, דעקלאַמאַטאָרן, זינגער, שפּילער. איז אָבער ביי זיי אַ רענדל אַ וואָרט! אָן געלט וועט איר ביי זיי ניט אַרויסקריגן קיין טאָן... איז ווי באַלד באַצאָלן, קאָן מען דאָך קריגן ניט קיין אייגענע מיטגלידער....

ווען עס קומט צו דורכפירן אַן אונטערנעמונג אין קלוב, איז די ערשטע פראַגע: וואו נעמט מען קרעפטן? יאָ, ווען עס קומט צו קרעפטן לאָזן זיך אויס די כוחות... וואָרום אונדזערע טוער זיינען גרויסע מבינים אויף קונסט... אָבער ווי נאָר מען דערזעט דעם קינסטלער אויף דער בינע, אַזוי נעמט זיך יעדערער צו אַן אַנדער אַרבעט: איינער קלייבט אונ־טערשריפטן, אַ צווייטער פאַרקויפט ראַפלס, אַ דריטער רוימט אַריין זיין שכן אין אויער אַריין, און אַ פּאָר שטייען ביי דער טיר און רעדן וועגן „זייער אַ וויכטיקן ענין“... אַ נאָווינע ביי זיי אַ קאָנצערט?

דער סוף איז, אַז נאָך דער אונטערנעמונג באַשליסן אונדזערע טוער, אַז די קינסטלער האָבן ניט געטויגט... אומזיסט גע'פּטר'ט אַ פּאָר דאָלאַר...

חבר פינחס איז זייער אַן אַקטיווער מיטגליד. עס מעג רעגענען מיט שטיינער, וועט ער ניט פאַרפעלן קיין איין מיטינג. דורך דעם אָונט מאַכט ער אָן אַ שיעור „פּאָינט אָוו אָרדערס“, אַמענדמענטס, באַמערקונ־גען, סאָבסטיטוטס. ער רוט ניט קיין מינוט... אָפּטמאָל ווענדעט מען זיך צו אים זייער איידל: חבר פינחס, איר ווייסט, מיר האָבן איצט אַ מיטגלידער־קאַמפּאַניע, מיר אַרבעטן אַלע ווי די בינען צו פאַרגרעסערן אונדזער קלוב, פאַרוואָס לייגט איר ניט צו אַ האַנט?

— איך טו נאָך ווייניק? — איז זיך חבר פינחס אויסער זיך, — אַלץ, — זאָגט ער, — דאַרף דאָך זיין מיט אַ לימיט!...

# דער סוד

„די אַלטע", אַזוי האָבן זי גערופן די שכנים פונעם טענעמענט הויז, וואו זי האָט געוואוינט מיט איר זון, אַ סטודענט.

זי — אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, מיט אַ ציכטיק פּנים, אַ זילבערנעם קאָפּ האָר און אַ גוטמוטיקן שמייכל, וואָס גייט איר ניט אַראָפּ פון די ליפּן. דער זון ווידער — אַ יונג אַ ריז, מיט אַ סימפּאַטיש פּנים, שוואַרצע, לאַנגע וויעס און פעך־שוואַרצע האָר.

אינדערפרי האָט מען געקאָנט זען אָט־דאָס פּאָרל פאַרלאָזן ס'הויז. זי — מיט אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם, און ער מיט אַ פּאַק ביכער. דעם טאָג האָט זיי אַוועקגעטראָגן און די נאַכט האָט זיי צוריקגעבראַכט.

איינמאָל, שפּעט אין אָוונט, האָט אַ שכנה באַגעגנט אין האָל די אַלטע.

— וואוהין לויפט איר אַזוי שפּעט? — האָט זי געפרעגט.

— איר וועט זיכער לאַכן, — האָט די אַלטע געענטפערט, — איך בין שוין געלעגן אין בעט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב פאַרגעסן קויפן אַ שטיקל קעיק. און אָן קעיק וועט מיין סעמעלע ניט טרינקען די קאַווע אינדערפרי. ער גייט דאָך אין קאַלעדזש! — האָט זי צוגעגעבן מיט שטאָלץ.

און ס'איז טאַקע געווען מיט וועמען צו שטאָלצירן. יעדן יאָר האָט דער בחור באַקומען אויסצייכענונגען אין קאַלעדזש. ווען ער האָט גע־ענדיקט קאַלעדזש, איז ער אַריין אין לאָ־סקול. פלעגט ער טרייסטן די מוטער, אַז ווען ער וועט ענדיקן אַלס לאָיער, וועט זי שוין מער ניט דאַרפן אַרבעטן. אַרבעטן וועט ער שוין און זי וועט רוען. ער וועט איר קויפן אַ פּריוואַטע הייזקע מיט אַ גאָרטן, וועט זי זיצן אַנטקעגן דער זון און וואַרעמען אירע מידע גלידער...

דערווייל איז זי געזעסן אין שאַפּ, איינגעבויגן אין דרייען און גע־נייט קנעפּלעך, העקעלעך, גיך, גיך. אָט אַזוי האָט דאָס קליינע מאַ־מעלע מיט אירע פאַרדינסטן אויסגעהאַלטן אַ היים און דעם זון אין סקול. איר איינציקער פאַרלאַנג איז געווען, אַז ער זאָל האָבן אַ גרינגער לעבן, ווי איר'ס.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען די אַלטע איז געשטאַנען ביים סינק און געריבן אַ טעפּל, איז צו איר צוגעגאַנגען דער זון און מיט אַ ציטעריק קול געבעטן, אַז זי זאָל זיך אַוועקזעצן, ער מוז מיט איר עפּעס רעדן.

האָט די אַלטע אָפּגעווישט די הענט און מיט נייגיר זיך אַוועקגעזעצט צו הערן וואָס דער זון האָט איר צו זאָגן. און איר סעמעלע האָט מיט געצויגענע ווערטער איר דערציילט, אַז ער האָט מיט אַ צייט צוריק זיך פאַרליבט אין אַ מיידל און ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט מיט איר געמוזט חתונה האָבן. ווייל ער, אַז זי, די מאַמע, זאָל אים דערלויבן צו וואוינען דאָ ביי איר מיט זיין ווייבל, ביז ער וועט פאַרענדיקן זיין שטודירן.

די נייעס האָט דער אַלטער דערלאַנגט ווי מיט אַ האַמער אין קאָפּ אַריין. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן דעם זון, האָט זיך איר צונג פאַרהאַקט. זי האָט נאָר געפילט, אַז אַלע אירע האָפענונגען אויף אַ גרינגער לעבן זיינען מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. איז זי צוגעפאַלן צום זון, איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און זיך שטיל צעכליפּעט.

דער מוטער'ס טרערן זיינען געפאַלן אויפן זונ'ס האַרץ ווי שווערע שטיינער. ער האָט אָבער ניט געקענט געפינען קיין איין טרייסט־וואָרט פאַר איר...

אויף מאָרגן האָט סעמעלע געבראַכט אַהיים זיין ווייבל. „מאַמע, דאָס איז מיין אסתר", האָט ער זי פאָרגעשטעלט. די אַלטע האָט זיי ביידן אַרומגענומען מיט אירע דאַרע הענט, און מיט ווייכקייט געזאָגט: „מזל־טוב איך, קינדער!"

אסתר איז געווען אַ הויכע, שלאַנקע ברונעטקע, מיט לאַכעדיקע אויגן און מיט איר שמייכל האָט זי געקאָנט פאַר'כישופ'ן אַ מענטשן. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מען שוין געקענט זען, ווי זיי אַלע דריי פאַרלאָזן ס'הויז.

לאַנג האָט אָבער אסתר ניט געקאָנט אַרבעטן. ס'איז געקומען די צייט, ווען זי האָט געמוזט בלייבן אין הויז. און ווען די אַלטע פלעגט קומען אַהיים נאָך אַ טאָג אַרבעט, האָט זי שוין געפונען אַ שיין־געגרייטן טיש, אַ געשמאַקע וועטשערע און אַלץ אויף וואָס ס'איז געפאַלן איר בליק, איז איר געווען צום האַרצן. איז איר די שנור ליב געוואָרן ווי אַן אייגן קינד, און זי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַן אייניקל.

אסתר האָט געבוירן אַ מיידעלע אַ סך פריער ווי די אַלטע האָט גערעכנט, אָבער זי, די באָבע, האָט דערפון ניט געמאַכט קיין ווען. מיט באַבעשער פרייד האָט זי דאָס נפש'ל אָפּגעבאָדן, אָנגעטאָן אין ווייסע, נייע זאַכן, און דאָס דערלאַנגט דער מוטער זי זאָל עס געבן די ברוסט. אָבער ווען אסתר האָט זיך איינגעקוקט אין דעם קינד'ס פּנים'ל, האָט זי דאָס אָפּגעשטופּט פון זיך און אַרויסגעלאָזט אַזאַ קוויטש, אַז אַלע שטו־ביקע זיינען פאַרציטערט געוואָרן. איז סעמי צוגעלאָפן, זי געגלעט און געקושט, און זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים ווי אַן איבערגעשראָקן קינד און אויסגעמידן זיין בליק. נאָר ווען ער האָט זיך גענומען ביי איר בעטן,

אַז זי זאָל דעם קינד געבן זויגן, האָט זיך איר בליק עפּעס פאַרצויגן, גלייך זי וואָלט ניט געהערט, וואָס מען רעדט צו איר. „וואָס קאָן דאָס זיין?“, האָבן מוטער און זון זיך אָנגעקוקט מיט שרעק אין די אויגן. האָט דער דאָקטאָר זיי געטרייסט, אַז ס'טרעפט אָפט ביי יונגע מוטערס אַזאַ מין נערוון־דערשיינונג, און אַז ס'וועט איבערגיין.

אָבער אסתר איז געוואָרן אַלץ מער מעלאַנכאָליש מיט יעדן טאָג און דאָס קינד ניט צוגעלאָזט צו זיך. האָט די אַלטע אויפגעגעבן דעם שאַפ, געלאָזט אין גאַנג אַלע אירע כוחות צו דערציען ס'קינד און גע־האַלטן אַן אויג אויף דער קראַנקער מוטער. און ווען זי האָט געזען, אַז ניט נאָר די שנור זינקט, נאָר אויך איר שטוב, און אַז דער דלות האָט זיך באַזעצט ווי אַ באַלעבאָס ביי איר טיש, האָט זי מיט צער אין די אויגן זיך געווענדט צום זון, אַז ער זאָל אויפגעבן דאָס לערנען און זוכן וואו צו פאַרדינען אויף ברויט.

אַן ווערטער האָבן זיך מוטער און זון אָנגעקוקט, וואָרום דאָס האָט באַדייט: „אויס לאָיער! אויס קאַריערע! פון אַלע חלומות האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך“. די איינציקע פרייד אין שטוב איז געווען דאָס קינד, וואָס איז געוואָקסן שיין און געזונט ווי אַ בלום. צו צוויי יאָר האָט דאָס מיידעלע שוין געמומען רעדן ווי אַ דערוואָקסענע. מיט אַ קאָפּ לאַנגע, בלאָנדע האָר ווי זאַנגען; גרויסע, בלויע, לויטערע אויגן ווי דער הימל, מיט אַ טיף חן־גריבעלע אין גאָמבעלע, האָט דאָס קינד ווי אַריינגע־גאָסן אַ פרישקייט פון אַ נייעם לעבנס־קוואַל אין די הערצער פון דער מוטער און זון.

אָפט פלעגן זיך מענטשן אָפּשטעלן און באַוואונדערן דאָס קינד. האָט געטראָפן, אַז איינער האָט וואויל־יונגעריש געפרעגט ביים פאָטער: „סעם, ווי קומט גאָר צו דיר אַן 'איריש בלאָנד'?“... סעם האָט זיך פון דער פראַגע געגעבן אַזאַ קאָרטשע צונויף, ווי אַ מעסער וואָלט זיך אין זיין ליבן אַריינגעשניטן, און פון אסתר'ס פנים האָט געשטראָמט אַ שטומער געוויין און פון אירע ליפן איז דאָס בלוט אויסגערונען. נאָך דער סצענע האָט זי ניט געוואָלט מער אַרויס פון שטוב, כדי צו זיין געשיצט פון פּוסטע צינגער, וואָס זיינען נאָר געגען, אַז גאָט באַשערט זיי עפּעס.

ווען סעם מיט אסתר'ן פלעגן אַמאָל אַרויסגיין פון הויז, פלעגן שכנות זיך דורכרעדן:

— וויי, וויי, וואָס פון דעם ווייבל איז געוואָרן! אַ שאָטן פון אַ מענטשן!

— מען זאָגט, אַז דאָס פירט ער זי צו אַ „סאַיקאַיעטריסט“.

— וואָס הייסט אַ „סאַיקאַיעטריסט“?

— אַזאַ דאָקטאָר, וואָס גיט ניט קיין מעדיצין. ער שלינגט נאָר צע־

נערלעך און ציט אייך פאַרן צונג איר זאָלט אים זאָגן, וואָס אייך קוועטשט. איז אָבער די צרה, וואָס דער סוד איז ביי איר פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער...

— ווען מען כרעגט מיך, איז עס אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד. אפילו אַ בלינדהער וואָלט געקענט זען, אַז דאָס קינד איז עפּעס פון אַ בלאָנדן איי־רישמאַן. נאָר אַ שאָד, וואָס זיי ציען פון זיך די קליי. וואָרום, ווי קאָן ער זי היילן, דער „סאַיקאַיעטריסט״? ער וועט איר דען אָפּשפּרעכן אַ גוט אויג?

איינמאָל אַ זונטאָג איז דער אַלטער איינגעפאַלן צו פאָרן אויפן הייליקן אָרט בעטן איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, אַז ער זאָל זיך מיען פאַר זיין קראַנקער שנור. אין באַן האָט די אַלטע ניט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון אַ בלאָנדן בחור, וואָס איז איר געזעסן אַנטקעגן. ער איז איר פאָרגעקומען באַקאַנט, אָבער זי האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, וואו זי האָט אים פריער געזען. מיטאַמאָל האָט איר אַ בליץ־געטאָן אין מוח: איר איניקל! יאָ, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער!... און וואָס מער זי האָט געקוקט אויפן בחור אַלץ קלאָרער איז איר געוואָרן דער קוויטש, וואָס די שנור האָט אַרויסגעלאָזט, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען דאָס קינד.

ווען די אַלטע איז אַהיים געקומען האָט זי אויסגעזען בלאַס און צעוויטיקט פון דער באַגעגעניש אין באַן. זי האָט זיך שווער אַראָפּגע־לאָזט אויף אַ שטול און אָפּגעזיפצט. דער זון, וואָס האָט גוט געקענט זיין מוטערס יעדע מינע, האָט גלייך אַראָפּגעלייענט פון איר פּנים, אַז עפּעס האָט מיט איר געטראָפן.

— וואָס איז דיר, מאַמע? — האָט ער געפרעגט דערשראָקן.

— גאָר ניט, מיין קינד! בלויז אַ קאָפּ־ווייטאָג! — האָט די אַלטע געענטפערט.

פון זינט דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן האָט די אַלטע עס גע־האַלטן ביינאַכט אין איר צימער. אַז די מוטער, וואָס האָט אויף דעם קינד געקוקט ווי אויף איר שונא, זאָל מיט דעם, חלילה, ביינאַכט עפּעס ניט אָפּטאָן. פלעגט זי העריבער אויף ביינאַכט שטענדיק פאַרשליסן די טיר פון איר צימער. איינמאָל האָט זי פאַרגעסן פאַרשליסן די טיר. ווען זי האָט זיך אינדערפרי אויפגעכאַפּט, האָט זי דערזען די קראַנקע מאַמע טיף אַריבערגעבויגן איבערן קינדס בעטעלע. אַ טויט־שרעק איז דער אַלטער באַפאַלן... האָט זי אומבאַמערקט פון דער שנור צוגעאיילט צום בעטעלע. און מיטאַמאָל האָט איר פּנים אויפגעשיינט: דורך טרערן פון פרייד האָט זי צוגעקוקט, ווי די מוטער האָט צום ערשטן מאָל געגלעט און צערטלעך געקושט דאָס קינד....

# אַ גרוס פֿון בריוואָקסטן

חנה ווײַנפּערל האָט אַ צײַט געשריבן אין אַן אַרבעטער־צײַטונג, און דאָך איז בײַ איר געווען אַ נײַער יום־טוב יעדעס מאָל, ווען זי האָט געזען אירע אַ דערציילונג געדרוקט. ווי אַ מאַמע האָט זי געקוקט אויף איר שאַפֿונג, ווי ס'וואָלט געווען אירס אַ נײַ־געבוירן קינד. און ס'איז יענעם טאָג, דאַכט זיך, ניט געווען נאָך אַזאַ גליקלעכער מענטש ווי זי...

און וואָס איז דער חידוש? עס איז דאָך ניט גלאַט אַזוי אַ צײַטונג, וואָס דרוקט אירע זאַכן, ס'איז דאָך אַן אַרבעטער־צײַטונג, וואָס קלערט־אויף און אָרגאַניזירט די אַרבעטער ווי זיך צו באַפֿרייען פֿון עקספּלואַטאַציע, פֿון דערנידערונג. איז דעריבער חנה'ס פֿרייד געווען אַזוי גרויס. ס'האָט זיך איר אָבער געוואָלט וויסן, וואָס אירע לייענער דענקען וועגן איר שרײַבן. אָבער זעלטן, ווען אימיצער פֿלעגט באַמערקן: — איך האָב געלייענט אײַער אַרטיקל. איר קריגט עפּעס באַצאָלט פֿאַר אײַער שרײַבן?

— איך בין צופֿרידן, וואָס איך דאַרף נאָך זיי עפּעס ניט צוצאָלן, — פֿלעגט חנה ענטפֿערן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל.

— ווײַבאַלד אַזוי, וואָס אַרט זיי, אַז זיי דרוקן? — האָט יענע גע־ענטפֿערט, און זיך אַליין צעלאַכט פֿון דער חכמה.

„אַז מען לעבט דערלעבט מען זיך!”, זאָגט די וועלט אַ ווערטל. גע־קומען אַ צײַט, ווען חנה'ס פֿרײַנט האָבן זיך געפֿרייט, נאָך איידער זי אַליין האָט געוואוסט די אורזאַך פֿון זייער גדולה.

ווען חנה איז זונטיק אַרײַנגעקומען אין איר קלוב, האָט אַ פֿרוי זי באַגריסט בײַ דער טיר און מיט שמחה אויסגערופֿן:

— איך זע אײַך שוין היינט צום צווייטן מאָל. אינדערפֿרי אין בריוו־קאָסטן און איצט אין קלוב!...

באַלד זײַנען צוגעקומען נאָך מיטגלידער, זיך גענומען איבערקוקן, ווינקען, קוועטשן מיט די פּלייצעס און זיך וויצלען אויף חנה'ס חשבון:

— פֿונדעסטוועגן איז דאָס אַ פֿײַנקייט פֿון רעדאַקטאָר!

— נאָך ווי!

— איבערלייענען יעדע שורה אין אַזעלכע היצן און ענטפֿערן אין

בריוווקאַסטן, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געוויינט, ווי פון אייער הומאָרעסקע...

ווען חנה איז געקומען אַהיים פון קלוב איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. אַ גרופּע פון איר מאַנס משפּחה האָט געוואַרט אויף איר. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען ניט געקומען איצט גוט־יום־טוב בעטן, נאָר זיך גענומען די מי איר פּערזענלעך איבערגעבן אַ גרוס פון בריוו־קאַסטן....

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען חנה איז אַריין אין גראָסערי, האָט דער גראָסערימאַן זיך אָנגערופן הויך אויף אַ קול:

— העלאָ, מיסעס וויינפּערל! מ׳האָט מיר געוויזן אייער נאָמען אין „פּעיפּער״. אַי, האָבן זיי אייך אַריינגעקיבעצט! ווען איך בין אויף אייער אָרט, שרייב איך ניט מער!

און די ווייבער אין גראָסערי האָבן אויך צוגעלייגט אַ קנייטל... כאָטש זיי האָבן ניט געוואוסט גענוי, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

„גלין, גלין!״, האָט זיך דערהערט אַ קלינגען אין טיר שפּעט אין אָוונט, ווען חנה האָט שוין געוואָלט זיך לייגן שלאָפן. דאָס האָט מען זי גערופן צום טעלעפאָן, אין דראָג־סטאָר.

— ווער איז עס אַזוי שפּעט? — האָט חנה געפרעגט בייז.

— איך... איציק... — האָט מען איר געענטפערט אויפן טעלעפאָן, — איך האָב געוואָלט וויסן, צי איר האָט געלייענט דעם בריוווקאַסטן היינטיקן זונטאָג...

אַוועק אַ פּאָר טעג, קריגט חנה אַן אָנווייזונג אויף אַ רעגיסטרירטן בריוו. איז זי באַלד אַוועקגעלאָפן אין פּאָסט־אָפיס און באַקומען אַ גרויסן פּאַקעט. מיט ציטערדיקע הענט האָט זי געעפנט דעם פּאַקעט און געפונען די זונטאָגדיקע צייטונג, מיטן באַרימטן ענטפער אין בריוווקאַסטן....

אויף דער צווייטער וואָך, ווען חנה האָט שוין כמעט פאַרגעסן אין דער גאַנצער פּאַסירונג, האָט זי זיך גענומען שרייבן אַ נייע דערציילונג, ווי קיין זאַך וואָלט גאָרניט פּאַסירט. קומט אַריין אַ שכנה און רופט זיך אָן מיט אַ רחמנות־פּנים:

— מעז האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט ניט געוואָלט אַריינשטעלן אייער אַנטיקל אין „פּעיפּער״... נו, אַ דאגה! די צרות זאָלן אייך בלייבן אויף איבעראַיאָר!

ס׳האָט ניט לאַנג גענומען, און די זון האָט ווידער גענומען שיינען אין חנה׳ס פענצטער... הער נאָמען „חנה וויינפּערל״ איז ווידער געווען שוואַרץ־אויף־ווייס אָפּגעדרוקט מיט גרויסע ליכטיקע אותיות אין דער

אַרבעטער־צייטונג. מיט דער צייטונג אין האַנט איז חנה געלאָפן, — ניין, ס׳האָט זי געטראָגן ווי אויף פליגלען אין איר קלוב צו טיילן איר פרייד מיט די מיטגלידער. אַריין אין קלוב, האָט זי דערזען אַ פריינט פאַרטיפט אין דער צייטונג, וואו איר דערציילונג איז דעם טאָג געווען געדרוקט. האָט זי ניט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און איז צו אים צוגעגאַנגען אין שטיל אַ פרעג געטאָן:

— איר האָט געלייענט מיין דערציילונג?

דער פריינט האָט אויפגעהויבן צו חנה׳ן זיינע לאַכנדיקע אויגן און געענטפערט:

— געלייענט די זאַך צוויי מאָל און געקלערט, אַז מען דאַרף האָבן אַ מיניסטערשן קאָפּ, אַזעלכעס צו קאָנען פאַרטראַכטן.

# די מתנה

— איך זאָג איך, אַז דאָס בוך איז אינטערעסאַנט, באַלערנדיק און איר וועט קיין חרטה ניט האָבן, — מיט די ווערטער איז צו מיר צוגעשטאַנען אַ שכן, אַז איך זאָל ביי אים קויפן אַ אידיש בוך, וואָס זיין פריינט האָט אַרויסגעגעבן.

— אָבער אַז איך לייען ניט קיין ביכער?

— וואָס הייסט? ווי לייענט עס אַ מענטש ניט קיין בוך? ביכער גיבן אַ באַקאַנטשאַפט מיט דער וועלט, מיט מענטשן און עפענען פאַר אונדז ברייטע האָריזאָנטן...

האָב איך אים שוין געמוזט שווערן, אַז „איך זאָל אַזוי ריין זיין פון צער, ווי איך בין ריין פון ביכער", ערשט דאַן האָט ער מיך אָפּגעלאָזט. פונקט אַזוי האָט זיך מיינע צו מיר אַמאָל צוגעטשעפּעט, אַז איך זאָל איר קויפן אַ שאַפע מיט ביכער.

— צו וואָס טויגן דיר ביכער? — האָב איך זי געפרעגט, — וועסט זיי דען לייענען?

— ס'איז שיין אין אַ הויז ביכער, טאָמער קומט אַ פרעמדער מענטש.

— אָבער פאַלשע אָנשטעלן האָב איך פיינט! וואָרום, מיט וואָס בין איך באַוואָרנט, אַז נאָכדעם ווי דער פרעמדער מענטשן דערזעט די ביי־כער נעמט ער אונדז אויפן צימבל: צי האָבן מיר געלייענט דעם שריי־בער, יענעם שרייבער, איז וואָס פאַר אַ פּנים וועלן מיר דאַן האָבן?

זיינען מיר, הייסט עס, ווייט פון ביכער. און אונדזערע קינדער, זאָלן לעבן, האָבן אויך ניט צו טאָן מיט קיין ביכער. מען האָט קוים מיט צרות געענדיקט פּאָבליק סקול, גלייך פאַרוואָרפן די ביכלעך און זיך גענ־נומען צו בעיס־באָל אויף וואָס די וועלט שטייט...

האָב איך זיך געטראַכט: „איר ווילט ניט זיין קיין לערנער, אפשר וועט איר ווערן שפּילער?" האָב איך געקויפט אַ פידל, נאָטן, אַ סטענד, באַשטעלט אַ לערער, חי געלעבט! אָבער ווען ס'איז געקומען צום „פּראַק־טיסן", האָט מען אָנגעשטעלט דעם זייגער, אָפּגעשפּילט דעם „דאָ־רע־מי" פינף מינוט, אָפּגערוט צען מינוט און ווידער אָפּגעשפּילט דעם „פאַ־סאָ־לאַ־סי" און פאַרטיק. האָב איך ביי זיי צוגענומען די פידל און — אויס קאָפּעליוש־מאַכער. אַז ס'קריכט ניט אין קאָפּ...

און מיט ביכער איז אויך אַזוי. מיר זיינען ניט פון די מענטשן, וואָס

לייענען ביכער. דאָך ווען איך דערמאָן זיך וויפל איך האָב שוין אין מיין לעבן איבערגעטראָגן, דאַרף מען אסור לייענען ביכער, וואָרום אין די ביכער ווערט מען אַזוינס ניט געפינען.

ווען איך האָב חתונה געהאַט, בין איך געווען אַ בחור אַריבער שלושים. אמת, ניט קיין זייער מיאוס׳ער, ניט קיין גרויסער נאַר, אַ גוטער פאַר־דינער, אָבער פאָרט אַן איבערגעוואָקסענער. און זי, אַ „קע״־מיידעלע: אַ יונגינקע, אַ שיינינקע, אַ שטילינקע, מיט אויגן גרויסע, פאַרטראַכטע, פאַרטיפטע, און פאַרקאָכט בין איך געווען אין איר מיט דער נשמה און מיטן האַרץ, מיט לייב און לעבן. און זי האָט מיך, דאַכט זיך, אויך ניט פיינט געהאַט. און פאַרוואָס זאָל זי מיך פיינט האָבן? ס׳איז מיר דען געווען עפּעס צו־שווער, אָדער צו־טייער פון אירטוועגן? זאָל זי געווען אַ זאָג טאָן אינמיטן נאַכט: „שמואליק, דערלאַנג מיר ס׳טעלערל פון הימל״, וואָלט איך דען ניט געלאָפן פייל־אויסן־בויגן איר ברענגען ס׳טע־לערל פון הימל?

אינדערפרי, ווען איך בין נאָך געשלאָפן, פלעגט זי אַראָפּ אויף די שפּיץ־פינגער, פאַרקאַמען אירע שיינע שוואַרצע האָר, אַרומבינדן מיט אַ רויטער סטענגע, זיך אָנטאָן אַ געפּרעסט קליידל, וואָס איז געווען אויף איר ווי אויסגעגאָסן און געגרייט דעם טיש צו פרישטיק. דאַן פלעגט זי אַ זאָג טאָן: „שמואליק, קום עסן״. האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אין די פּאָר ווערטער איז אויסגעגאָסן אַ ים מיט געטריישאַפט. קיינמאָל האָב איך זי ניט געזען קיין צעשויבערטע, קיין פאַרשלומפּערטע, קיין צעשוואו־מענע, ווי אַנדערע ווייבער, נאָר תמיד אַן אויסגעפּוצטע, אפילו ווען זי איז שוין געווען אַ מאַמע פון קליינע קינדער.

די צייט איז זיך געגאַנגען מיטן געוויינלעכן גאַנג. קינדער זיינען געוואָקסן שיין און געזונט, די הוצאה איז געוואָרן גרעסער, האָט זיך מיר געמאַכט אַ „דזשאָב״ אין אַ צווייטער שטאָט, וואו איך האָב אָפּגע־אַרבעט העכער אַ יאָר צייט און גוט פאַרדינט. אַלע וואָך פלעג איך שיקן געלט אַהיים און בין געווען זיכער, אַז מיינע שפּאָרט פון דאָס נויטיקסטע און לייגט געלט אין באַנק. וואָרום זי האָט געהאַט צוויי גאָלדענע הענט און געקענט מאַכן פון איין דאָלער צען. ווען ס׳האָט זיך געענדיקט די אַרבעט האָב איך זיך גענומען קלייבן אַהיים. און פאָרנדיק אין באַן האָב איך זיך פאָרגעשטעלט ווי מיין ווייב וועט מיך דערזען, ווי זי וועט עס מיר פאַלן אויפן האַלדז און איך איך וועל זי צודריקן צום האַרצן... אַ קלייניקייט אַ יאָר צייט זיך ניט געזען! היינט די קינדערלעך, מיט די פינקלדיקע אייגעלעך, קוקן אויפן טאַטן און עפּעס אַזאַ פרייד איז אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימ׳ער. און ס׳צעשפּילט זיך אין מיר מיין

פאַנטאַזיע, אַז פאַרן געלט, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט וועל איך קויפן אַן אויטאָמאָביל, און זונטאָג וועל איך נעמען מיין געזינדל אויף אַ שפּאַ־ציר איבער גרינע פעלדער און וועלדער. ס׳וויב, אַן אויסגעפּוצטע, זיצט לעבן מיר, און מענטשן זיינען מיר מקנא. ניט אַזוי דעם שיינעם אויטאָ־מאָביל, ווי מיין שיין יונג ווייבל...

אָט מיט אַזעלכע זיסע חלומות בין איך געקומען אַהיים און געפונען מיינע איינגאַנצן אַ פאַרביטענע. איר ליכטיק פּנים אויסגעלאָשן, ווי די זון, וואָס האַלט זיך ביים זעצן; טיף טרויעריק זיינען געווען אירע שיינע אויגן: דאָס פּנים בלאַס; פאַר׳חלומ׳ט און פאַרבענקט האָט זי געקוקט אין פענצטער, ווען איך האָב גערעדט צו איר און האָט זיך אַלע ווילע געגעבן אַ כאַפּ ווי פון טיפן שלאָף...

האָב איך זי איינמאָל געפרעגט, וויפל זי האָט אָפּגעשפּאָרט פונעם געלט וואָס איך האָב איר געשיקט. איז זי געוואָרן רויט און טויט, און מיט אַ ציטעריקן קול אַרויסגערעדט: „גאָר ניט!“ פון די צווייי ווערטער האָט אַ שטורעם זיך אַ הויב געטאָן ביי מיר אין קאָפּ און אַ פייער אין האַרצן, און כ׳האָב אויסגעשריען, ווי ניט מיט מיין קול: „וואָס הייסט, גאָר ניט?!...“ אָבער די וואַנט ענטפערט? אַזוי האָט זי געענטפערט. און ס׳האָט מיך שוין ניט אַזוי געאַרט ס׳געלט, ווי דאָס וואָס פון אַלע מיינע זיסע חלומות האָט זיך אויסגעלאָזן אַ בוידעם, האָב איך גענומען נאָכשפּירן, זוכן און אַז מען זוכט — געפינט מען...

אין דער צייט, וואָס איך בין אין דער היים ניט געווען, האָט זיך צו איר צוגעשאַרט אַ יאַנקעלע, אַ יונג פול מיט לעבן. געזונט ווי אַ דעמב, מיט אַ פעטן קאַרק, וואָס קומט ניט פון אייגענע זאָרג, און ניט פון פרעמדער. נאָר פון לאָזן זיך וואוילגיין אויף יענעמס חשבון. אָט־די נייעס איז מיר אַריין אין מוח און איך האָב הערפילט, ווי אַלע פעדים צווישן מיר און מיין ווייב ווערן אויף אייביק איבערגעריסן. אַ צעבראָכענער בין איך אַוועק פון דער היים, און יאַנקעלע נאָך מיר... ס׳הייסט: אויסגע־נאַרט דעם אָנבייסן און ניטאָ מער. וויפל מען האָט אים ניט געזוכט, נאָך אַלעמען, איז דאָך אַ מענטש ניט קיין שפּילקע, האָט עס אויסגעזען ווי די ערד וואָלט זיך געעפנט און אים איינגעשלונגען. איך האָב געאַרבעט, געצאָלט פאַר די קינדער און איינמאָל אַ וואָך זיי גענומען צו זיך און פאַרבראַכט מיט זיי אויפן שענסטן אופן. די גאַנצע וואָך האָב איך אַרויס־געקוקט אויף דעם איינעם טאָג...

אָבער ביז דער מענטש הויכט־אויס די זינדיקע נשמה מוז ער זי אפשר הונדערט מאָל אויסשפּייען. איינמאָל אין אָוונט, ווען איך בין געזעסן אין מיין צימער, נאָך אַ שווערן טאָג אין שאַפּ, האָט זיך פּלוצלונג צע־

קלונגען דאָס טיר־גלעקל. די מיסעס איז גראָד אין הויז ניט געווען, בין איך געגאַנגען עפענען. איך טו אַ קוק — ס׳איז מיין ווייבל! איך האָב זי פאַרבעטן אין צימער אַריין, אָבער זיך אָוועקגעשטעלט קעגן איר ווי אַרומגעצאַמט מיט שטעכיקע דראָטן. איז זי צוגעפאַלן צו מיר מיט אַ יאָמער, מיט אַ געוויין, אַז איך זאָל מיט איר צוריקגיין אַהיים צו די קינדער. און דאָס זיינען ניט געווען גלאַט קיין טרערן, נאָר טרערן פון חרטה. אָבער ווי איך האָב זי פריער ליב געהאַט ס׳היות, אַזוי איז זי מיר איצט געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן. ווען זי האָט דאָס דערפילט האָט זי זיך אויסגעגלייכט און איז געבליבן שטיין אַנטקעגן מיר עפּעס אַזאַ שטאָלצע און דאָס בלוט איז איר אַריין אין פנים, די ליפּן פאַרשלאָסן, נאָר די אויגן ווי שפּיזן האָבן דורכגעשטאָכן מיין האַרץ.

נאָך יענער נאַכט האָט זי פאַרזאָגט די קינדער זיך מער מיט מיר ניט טרעפן. און ווי נאָר זיי פלעגן מיך דערזען פונדערווייטן, זיינען זיי מיר אָפּגעטראָטן דעם וועג. אָט אַזוי האָט זי ביי מיר אַרויסגעריסן די נשמה ניט מיטאַמאָל, נאָר ביסלעכווייז.

זונטאָג פלעג איך זיך דעם גאַנצן טאָג אַרומדרייען, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער, ניט געהאַט צו וועמען אַ וואָרט אויסרעדן. עפּעס האָב איך זיך דערפילט געגליכן צום אַ בוים מיט אַראָפּגעלאָזטע צווייגן. האָבן זיך די יאָרן שנעל גענומען אָנרוקן אויף מיר, ווי שוואַרצע כמאַרעס.

איינמאָל האָט מיך אפילו אַ כאַפּ געטאָן ס׳האַרץ ביי דער אַרבעט, און מען האָט מיך געמוזט אַרויסטראָגן אויף אַ בעטל און צונעמען אין אַ שפּיטאָל. אין שפּיטאָל בין איך אָפּגעלעגן אַ צייט און קיינער האָט מיך ניט באַזוכט. פלעג איך קוקן מיט קנאה אויף די אַנדערע קראַנקע, צו וועמען ס׳זיינען געקומען אויסגעפּוצטע ווייבער.

אָבער גאָטס צאָרן איז פאָרט ניט אויף אייביק. איינמאָל, ווי איך ליג אַזוי אין געהאַקטע צרות, האָט זיך באַוויזן לעבן מיין בעט מיין עלטערע טאָכטער, אַ מיידעלע פון פערצן יאָר, אַ פאַרשוין, אינגאַנצן אין דער מוטער געראָטן. איך האָב זי צוגעדריקט צום האַרצן און גענומען קושן. האָט זי זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן פון מיינע הענט, ווי אַ שלאַנג וואָלט זי אַ ביס געטאָן, און מיט אַ ווייס טיכעלע אָפּגעריבן די באַק, וואָס דער טאַטע האָט געקושט. נאָך דעם האָט זי גענומען דאָס פּעקעלע, וואָס זי האָט געהאַלטן אונטערן אָרעם און מיר דערלאַנגט מיט די ווערטער: „די מאַמע האָט דיר געשיקט אַ מתנה"... אָפּגעזאָגט און אַוועק אָן אַ זיי־געזונט. בין איך געבליבן זיצן מיטן פּעקעלע אין די הענט און אין די אויערן האָט מיר ניט אויפגעהערט קלינגען ווי פון קבר אַרויס: „די מאַמע האָט דיר געשיקט אַ מתנה".

איך האָב געוואָלט טרעפן וואָס אַזוינס האָט איר מאַמע מיר געקענט שיקן. אַוודאי אַ וואַרעם סוועדערל, אָדער אַ שאַליק, וואָס זי האָט מיט אירע גאָלדענע הענט אויסגעאַרבעט. זי מוז דענקען, אַז איצט, ווען איך וועל זען איר געטריישאַפט, וועל איך זיך שוין לאָזן בויגן. אַ קראַנ־קער, אַ צעבראָכענער, ווער איז מיינער און וועמענס בין איך? האָב איך שוין געוואָלט עפענען ס'פעקל, אָבער זיך צוריקגעהאַלטן ביז די קראַנקן־שוועסטער וועט צוקומען, זאָל זי זען, אַז מיך האָט אויך עמיצער אינזינען. אַבער, ווען זי האָט אויפגעבונדן דאָס פעקלע, איז מיר מיט־אַמאָל פינצטער געוואָרן אין די אויגן און דאָס האַרץ האָט זיך ביי מיר אָפגעשטעלט: אין אַ זייַדענעם שוואַרצן טוך איז געלעגן איינגעוויקלט אַ נייער טלית. . . .

# אַ התן אין צייט פון דער מלחמה

— זע נאַר,ביילקע, וואָס זיצסטו אַליין אין פּאַרק?

— נו, און אַז אַליין? מ׳קאָן זיצן אין צווייען און עס זאָל נאָך זיין ערגער ווי אַליין.

— ס׳אַ משל! און וואו זיינען דיינע פריינדינעס?

— איך האָב זיי שוין אַלע אויסגעגעבן.

— זינגסט מסתם ס׳לידל: „געפין איך אויס אַ שטיין, זיץ איך מיר און וויין, וואָס אַלע מיידעלעך האָבן חתונה, נאָר איך בלייב אַליין״.

— איך וויין גראַדע ניט. וואָלט נאָר די מאַמע מיר ניט געבויערט מיין מוח, וואָלט איך געלעבט און געלאַכט.

— אַז דיין מאַמע, די שטילע טויב, רעדט שוין, איז ניט אומזיסט... דיין מאַמע האָט פאַר זיך אַ גוטן שפּיגל: זי האָט מורא, אַז דו זאָלסט, חלילה, ניט פאַרזיצן ווי די שוועסטער אירע. זי איז אויך אַמאָל געווען יונג און שיין, ווי דו איצט. וואָס־זשע איז פון איר פאַרבליבן? נאָר אַ שאָטן פון אַ מענטשן! אויסגעדאַרט, אויסגעקוואַרט; בייטאָג שוויגט זי, און ביינאַכט — וויינט זי... נאָר גאָרניט, איידער שלעכט פאָרן, איז בעסער גיין צופוס...

— איר האָט געדאַרפט הערן ווי די מאַמע האָט זיך היינט אַ נעם־געטאָן צו מיר:

— ביילקע, — האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ ציטעריק קול, — וואָס וועט זיין דער תכלית?... האַלטסט אין איין בראַקירן די חתנים... פאַר־געסט, זאָגט זי, אַז דו ווערסט עלטער און ניט אינגער. כל־זמן דאָס ביימעלע איז יונג, טשעפּען זיך צווייגעלעך... איך אין דיין יאָרן בין שוין געווען אַ מאַמע פון פינף קינדער. אמת, איך בין גוט פאַרשוואַרצט געוואָרן. די קינדער זיינען געשטאָרבן פון הונגער, זיך געריסן פאַר אַ שטיקל ברויט, אָבער נאָך אַלץ בעסער ווי איך זאָל געווען פאַרזיצן ביז אין גרויען צאָפּ אַריין... פאָלג מיך, טאָכטער, זאָגט די מאַמע, געפין זיך אויס אַ לייטישן בחור און לאָמיך שוין אויך האָבן אַ קאַפּ נחת...

— זאָג איך: — וואו זאָל איך געפינען, אַז קיינער האָט ניט פאַר־לוירן?

— טענה׳ט זי ווייטער: — פאַרוואָס האָבן דיינע פריינדינעס געפונען פיינע „באָיעס״? האַכט זיך, אַז וואָס דו האָסט שכל אין פּיאַטע, האָבן זיי ניט אין קאָפּ. פאַרוואָס איז נאָר אויף מיר אויסגעגאָסן אַזאַ גזר־דין?

— ביי די ווערטער דרייט די מאַמע אַוועק דעם קאָפּ און ווישט זיך אויס אַ טרער...

— מיט דיר, ביילקע, איז ווי מיט יענער מיידל, וואָס פלעגט בעטן ביי גאָט: „רבונו של עולם, מיך אַרט שוין ניט פאַר מיר, נאָר האָב רחמנות אויף מיין מאַמען און שיק צו איר טאָכטער אַ חתן“... פונ־דעסטוועגן, ביילקע, ביסטו צו־איבערקלייבעריש. אָט וויל דאָך דיך מאַקס, גייט־אויס נאָך דיר ווי אַ ליכט, און ניט ווי דיר מיינט מען. וואָס איז, אפשר אַ שלעכטער „באָי“? אַ גוטער פאַרדינער, געבילדעט, און אַזוי איז ער דאָך גלאַט אַ מענטש פון גאָלע ניט: ניט קיין מיאוס׳ער, ניט קיין נאַר, ניט קיין אויסברענגער, רויכערט ניט, טרינקט ניט, שפּילט ניט; היינט וויפל איז ווערט וואָס ער הינקט־אונטער אויף אַ פוס? דו ביזט דאָך מיט אים זיכער, אַז ער וועט ניט גע׳הרג׳עט ווערן אין דער מלחמה... טאָ וואָס נאָך ווילסטו? ווען איך בין דיין מאַמע, וואָלט איך דיר ניט פאַרשוויגן אַזאַ זאַך. דו מיינסט, אַז מיר דאַרט ווייניק אויס דער קאָפּ, וואָס מיין סערקע האָט נאָך ניט קיין „באָי“? עס לויפן איר גראָד נאָך אַ סך באָיס, אָבער ניט איינס קיין רעכטס.

— אייער סערקע איז דאָך נאָך כמעט אַ קינד!...

— פאַרגעס ניט, ס׳איז מלחמה־צייט. אַלע טאָג הרג׳עט מען אויס טויזנטער סאָלדאַטן. און צו וואָס דאָס וואַרטן!?... וואו דו וועסט איצט אַ וואָרף־טאָן מיט אַ שטעקן, וועסטו טרעפן אַ ווייבעלע... נאָך אַליין אַ קינד, און אָט, אָט, וועט זי שוין זיין אַ מאַמע... אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אָט־אַזוינע גערופן „וואָר־בראַידס“. זיי פלעגן טאַנצן מיט זייערע בעיביס און צוזינגען: „אָווער דהער, אָווער דהער — די יענקס אַר קאַמינג!“ יענע בעיביס זיינען דאָס די היינטיקע סאָלדאַטן און זיי גייען אין מלחמה אַריין... הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, די איצ־טיקע בעיביס וועלן אַמאָל אויך גיין אין מלחמה. ס׳אַ מעשה אָן אַן עק... און דו, ביילקע, האָסט אַזאַ געלעגנהייט צו קריגן אַזאַ באָי, שטופּסטו אַוועק דיין גליק מיט די אייגענע הענט. וואָס־זשע, דער באָי געפעלט דיר ניט?

— ווי קאָן אַזעלכעס געפעלן? די גאַנצע וואָך איז ניט מען הערט אים און ניט מען זעט אים. דערפאַר זונטאָג, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, וועקט מיך שוין די מאַמע: — מאַקס האָט גערופן. ער האָט געזאָגט, אַז אינדערפרי קאָסט אין די מוּוויס האַלב געלט... זאָלסטו אַרונטערקומען האַון־טאַון, וועט איר זען אַ בילד, דאַן וועט ער דיך נעמען פאַר מיטאָג אין אַ רעסטאָראַן.

— נו, ביילקע, זעסט שוין? לאָמיך שוין האָבן אַזאַ יאָר, וואָס פאַר אַ באַי דאָס איז!

— אַזוי ווי איינער וויל ניט שטאַרבן, אַזוי ווילט זיך מיר ניט שלעפּן דאַון־טאַון. אָבער די מאַמע טרעט ניט אָפּ פון מיר: — שטיי־אויף, טאָכ־טער, — פאַלט זי מיר צו די פיס, — וואָס ווועסטו ליגן ביז האַלבן טאָג. נאָכדעם זיך אַרומדרייען אַליין ווי אַן עלנטער גערעבליוד? אַרבעטעסט דאָך אַזוי שווער די גאַנצע וואָך, פאַרוואָס זאָלסטו אויך ניט האָבן כאָטש איינמאָל פלעזשור...

— אין די מואָוויס זיץ איך מיט מאַקס'ן ווי מיר וואָלטן געווען צווײ מאַנצבילן. ער, די הענט צוזאַמענגעלייגט אויף דער ברוסט. איך — אויך אַזוי. ער איז אַ גרויסער שוויגער, אָט־דער מאַקס. ווען מען זאָל צאָלן פאַר שוויגן, וואָלט ער אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן דערפון.

— נאָך אַלץ בעסער ווי אַ צינגעלע אויף שרויפן...

— נאָך די מואָוויס גייען מיר אַריין אין אַ רעסטאָראַן.

ער: וואָס וועט איר עסן?

איך: וואָס איר וועט עסן!

ער: פאַר מיר איז גענוג קאַווע מיט קעיק.

איך: פאַר מיר איז עס נאָך צופיל...

— מאַקס גייט אַוועק און קומט צוריק מיט צווײ טעפעלעך קאַווע און צווײ זעמעלעך, גענוג אויף איין צאָן... נאָכן „מיטאָג“, שטעקט ער זיך אַריין אַ צאָן־שטעכעלקע אין מויל און מיר לאָזן זיך אַוועק אויף אַ לאַנגן שפּאַציר — — — ביז מיר קומען אַריין אין אַ פּאַרק. מידע זעצן מיר זיך אַוועק אויף אַ באַנק, ווייט אָפּגעשיידט איינס פון אַנדערן, ווי אַ פּאָר פאָלק, וואָס האָט שוין לאַנג אויסגעגעבן אַלע קינדער...

— אין פּאַרק פּרילינגט שוין מיט גרין גראָז, די בוימער — מיט ליכטיקן צוויט, יונגע פּאָרלעך האַלטן זיך אַרומגענומען: מען רעדט, מען לאַכט, מען שטיפט, נאָר איך איינע זיץ לעבן אָט־דעם קאַלטן מלאך מיט אַ שווער אָנגעלאָדן האַרץ...

— מיטאַמאָל טוט ער זיך אַ דריי־אויס צו מיר מיטן פּנים און פּלאַצט אַרויס: — ביילקע, זינט איך האָב אייך דערזען, בין איך אַן אָפּגעקאָכ־טער. איר גייט מיר ניט אַרויס פון זינען אפילו אויף איין מינוט. איך בין שוין אַמאָל געווען אַזוי פאַרליבט אין אַ מיידל, אָבער ס'האָט זיך אויס־געלאָזט אַ בוידעם... איז אויב איר, ביילקע, וועט מיך אויך אָפּזאָגן, — מאַכט ער, און ציטערט ווי אַ בלאַט, — זאָג איך אייך פריער, איך וועל זיך ניט הענגען און ניט טרינקען. איך בין ניט דער מענטש, וואָס נעמט זיך צום האַרצן פון יעדער נאַרישקייט...

— ביי די ווערטער שיס איך אויס אין אַ געלעכטער.

— איר לאַכט, — זאָגט ער צו מיר, — אייער געלעכטער קאָן אַרויפּברענגען אַ מענטשן אויפן פייער!

— ער איז טאַקע גערעכט. וואָס איז דאָ צו לאַכן, ווען יענער רעדט פון אַ תּכלית.

— בקיצור: נאָך אַ טאָג „פּלעזשור״, קום איך אַהיים אָפּגעצערט, ווי נאָך אַ קרענק. און די מאַמע, דווקא אַ שיינענדיקע, קומט מיר אַנט־קעגן: נו, טאָכטער, האָסט גוט פאַרבראַכט?

— אויפן צווייטן זונטאָג חזר׳ט זיך איבער די זעלבע שפּיל: אינ־דערפרי רייכט די מאַמע פון מיר פּאַסן, איך זאָל אויפשטיין, מאַקס וועט וואַרטן אויף מיר לעבן די מואוויס... נאָך די מואוויס, ווידער רעסטאָ־ראַן, וואו מיר עסן קאַווע מיט קעיק...

— אַנומעלטן קום איך אַהיים פון דער אַרבעט, זאָגט מיר די מאַמע אָן אַ בשורה, אַז מאַקס האָט אָפּגערופן, איך זאָל באַלד אַרונטערקומען דאַון־טאַון, ער האָט בילעטן פאַר אַ גוט בילד. — וואָס עפּעס אינמיטן מיטוואָך? — פרעג איך דער מאַמען. — פאַרוואָס ניט? — זאָגט זי, — דער באָי וויל, אַז דו זאָלסט זיך פאַרוויילן. דאָס אַלץ. נו, גיכער, טאָכ־טער, עס אָפּ און גיי. ער וועט דאָרט שטיין אויף שפּילקעס!...

— אָפּגעכאַפּט דאָס עסן, בין איך פּייל־אויסן־בויגן אַוועק דאַון־טאַון. צוגעקומען צו דער מואווי, האָב איך געפונען מאַקס׳ן מיט צווי „פּעסעס״ אין האַנט... אַ מאָדנע פייערל האָט געברענט אין זיינע אויגן, און דאָס פּנים ווייס, ווי מילכיקער צימעס...

— יענעם אָוונט האָט מען אין די מואוויס געשפּילט „סקרינאָ״ און איך האָב געוואונען אַ דאָלאַר. ביים אַרויסגאַנג רופט זיך אָן מאַקס:

— וואָס וועט איר זיך האַלטן מיטן דאָלאַר... קומט, וועלן מיר האָבן אַ „גוד־טאַים״. איך האָב אים געגעבן דעם דאָלאַר און מיר זיינען אַריין אין אַ רעסטאָראַן. ער האָט פאַר זיך באַשטעלט אַ האַמבורגער סטעיק, פרענטש פראַיד פּאָטעיטאָס, אַ גלאָז ווייַן, און פאַר מיר? איר האָט גע־טראָפן: קאַווע און קעיק!

# אַ חלום

ווען דער גביר פון אונדזער שטעטל האָט געדאַרפט חתונה־מאַכן די מיזינקע, האָט ער אַראָפּגעבראַכט פון אַ גרויסער שטאָט אַ טאַנץ־מייסטער, אַ פאָנאָגראַף און רעקאָרדס פון טאַנץ־מוזיק. אַלע אָוונט פלעגט זיך צוזאַמענקומען די גרויסע משפחה צום גביר אין הויז, אויס־געפּוצט אין פּערל און אין בריליאַנטן. דער לאָמפּ האָט פריילעך גע־בליצט, די פענצטער וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען אין סאָד, זיינען געווען אָפן, ווייל ס׳איז געווען זומער־צייט.

איך בין דאַן אַלט געווען צוועלף יאָר. אַ קיילעכדיקע יתומה, האָב איך זיך געהאָדעוועט ביי אַ מומע. מיין מומע׳ס שטוב איז געווען ניט ווייט פונעם גביר׳ס הויז. ווי נאָר איך האָב דערהערט מען שפּילט, האָב איך זיך אַריינגעגנב׳עט אין גביר׳ס סאָד, אַרויף אויף אַ בוים און צו־געקוקט, ווי גרויס און קליין, יונג און אַלט, לערנען זיך טאַנצן. און וואָס איך האָב געזען אין אָוונט, האָב איך בייטאָג פּראַקטיצירט אויפן בוידעם.

איינמאָל האָב איך איינגעשטודירט אַ טאַנץ, וואו עס האָט זיך געפּאָ־דערט צוצוטופּען מיט די פיס. האָט מיין מומע זיך דערשראָקן און גע־נומען שרייען: „גוואַלד! גוואַלד! אַ גנב אויפן בוידעם!“... דערהערט דער מומע׳ס גוואַלדן, האָב איך זיך אַריבערגעכאַפּט צו דער צווייטער העלפט פון בוידעם פון דער שותפות׳דיקער שטוב, אַראָפּ פון לייטער, און געהאָלפן הער מומע׳ן שרייען גוואַלד.

צוויי מענער און מיין מומע זיינען אַרויף אויפן בוידעם מיט שטעקנס, און ניט געפינענדיק קיינעם, האָט די מומע איבערגעקוקט דאָס פּסח׳דיקע געשיר, צי ס׳פעלט דאָרט גאָרניט. פון דעמאָלט־אָן פלעג איך שוין פּראַקטיצירן אין קעלער.

וואָכן־לאַנג האָבן אָנגעהאַלטן די לעקציעס, און איך האָב זיך אויס־געלערנט אַ סך טענץ, אויך סאָלאָ־טענץ. נאָכדעם איז פאָרגעקומען אַ חתונה אין אונדזער משפּחה. מיין מומע, וואָס האָט מיך ליב געהאַט ווי אַן אייגן קינד, האָט געלאָזט מאַכן פאַר מיר אַ ראָזעווע קלייד, מיט אַ סטענגע האָט זי אַרומגעבונדן מיינע כוואַליעדיקע האָר, וואָס האָבן דאַן געשיינט ווי קופּער אין דער זון. ווען איך בין שוין געווען אינגאַנצן אָן אויסגעפּוצטע, האָט די מומע מיך געקרוינט מיטן נאָמען „שיינע וועלט“.

אויף דער חתונה בין איך צוגעגאַנגען צו די קלעזמער, באַצאָלט פופצן קאָפּיקעס און זיך געהייסן שפּילן „פּאָ אוליצע מאָסטאָוואָי". די קלעזמער האָבן ניט געוואוסט, וואָס איך וויל פון זיי. האָב איך געמוזט איבערזינגען אַ פּאָר מאָל די מוזיק. ווען די קאַפּעליע האָט אויסגעשפּילט דעם קלאַסישן טאַנץ, האָט מען געמאַכט פּאַר מיר אַ וואָרע, און איך האָב געטאַנצט אַזוי געשיקט, אַז ווען איך האָב געענדיקט, האָבן זיך דערהערט באַגייסטערטע אויסגעשרייען: „בראַוואָ! בראַוואָ!". מיין מומע איז צוגעלאָפן צו מיר און געפרעגט: „שיינע וועלט, וואו האָסטו זיך אויסגעלערנט טאַנצן?!" — „אויפן בוידעם", האָב איך איר געענטפערט.

דעם גאַנצן אָוונט האָט מען מיך שוין ניט אָפּגעלאָזט. אַלע מאָל האָט זיך געפונען עמיצער, וואָס האָט פאַר מיר באַשטעלט אַ טאַנץ, און איך בין גאָרניט מיד געוואָרן טאַנצנדיק. אויף מאָרגן איז דאָס שטעטל געגאַנגען כאָדאָראָם. איינער האָט דערציילט אַ צווייטן:

— איר האָט געדאַרפט זען רחל'ע, די יתומה, טאַנצן! נאָר אויף חידושים צו קוקן.

— ס'איז דען געווען געטאַנצט? פונקען זיינען דאָך געפלויגן פון אונטער אירע פיס.

— און וואו האָט זי זיך אויסגעלערנט די קונץ, אַז סך־הכל האָדע־וועט זי זיך ביי אַן אָרעמער מומע, אַן אלמנה, נעבעך, מיט קליינע קינ־דער? איז טאַקע אַ גרויס חידוש.

נאָכדעם איז וואו ס'איז געווען אַ חתונה אין שטעטל, פלעגט מען מיך פאַרבעטן צו באַשיינען די שמחה. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר ביז — איך האָב געקראָגן אַ שיפסקאַרטע פון אַמעריקע. ביים געזעגענען זיך האָט די מומע ביטער געוויינט, און אויף איר קוקנדיק — מיינע חברטעס און אַזוי גוטע פריינט, נאָר איך איינע בין געווען מלא גדולה, וואָס איך פאָר קיין אַמעריקע. געווען זיכער, אַז דאָרט, אינעם וואונדערלאַנד, וועל איך ערשט ווערן אַ גרויסע טענצערין.

פון שיף האָט מיך אַראָפּגענומען אַ פעטער און געבראַכט צו זיך אַהיים. זיין היים איז באַשטאַנען פון דריי פאַרשטיקטע צימערלעך, וואו ס'האָבן זיך געפונען עלף נפשות. נאָכדעם ווי די מומע האָט מיר איינ־געגעבן מיטער־זאַלץ און איך האָב זיך „אויסגעגרינט", האָט דער פעטער מיך אַרויפגענומען אין אַ קלאָוק־שאַפּ, וואו מען האָט געאַרבעט פון באַגינען ביז אין אָוונט און ניט געפרעגט ווי שפּעט עס איז... דער שאַפּ איז אויך געווען ווייט פון זון־ליכט, האָט מען געאַרבעט ביי גאַז און ניט געוואוסט, ווען ס'איז טאָג אָדער נאַכט. און אַזוי ווי ס'איז געווען ווינטער־צייט, האָבן די אַרבעטער מורא געהאַט פאַר אַביסל פרישע לופט

ווי פאַר פייער. זיינען די פענצטער געווען פאַרהאַקט און פאַרגראַטעוועט, ווי אין אַ תּפיסה. פון די שוואַרצע ווענט האָבן זיך געשלענגלט ריטש־קעלעך וואַסער, וואָס זיינען געקומען פון דער פּאַרע פון די פּרעס־אייזנס. און האָט זיך דער באַלעבאָס צעקריגט מיט אַן אָפּערעיטאָר, האָט ער גע־שריען: „סקידו, אין ביד איט!“. און אים נאָכגעוואָרפן דאָס קעפּל פון דער זינגער־מאַשין. האָט דער אָפּערעיטאָר גענומען דאָס קעפּל אויף די פּלייצעס, און געגאַנגען זוכן אַן אַנדער שאַפּ...

„לאָנטש“ האָבן די אָפּערעיטאָרס געגעסן ביי די מאַשינען. אַ ביס און אַ שטעפּ, אַ שטעפּ און אַ ביס, און וואָס ס'איז געבליבן האָט מען געוואָרפן אונטער די מאַשינען, האָב זיך פליגן געראַיעט אין אָפּפאַל. ניט איינער האָט אין יענעם שאַפּ זיך אָפּגעריסן די „פּראָלעטאַרישע קרענק“, און איך בין ניט אָפּגעשטאַנען פון די אַנדערע. איך האָב גיך פאַרלוירן מיינע רויטע באַקן, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פונעם קליי־נעם שטעטל, געקראָגן אַ געל פּנים ווי פאַרמעט, און זיך אָפּגעשפּאַרט אַ טרוקענעם הוסט, עפּעס ווי פון אַ פּאַס אַרויס. דאָך האָט זיך אויף מיר געפונען אַ בעלן, און איך בין, אַ זיבעצן־יאָריקע, געגאַנגען אונטער דער חופּה. איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן אין דעם ניעם לאַנד, בין איך שוין געווען אַ מאַמע פון אַ פּאָר קינדערלעך. די קינדער זיינען געוואָקסן, און מיט זיי — די נויט, ווייל מיין מאַן איז געווען אַ שוואַכער מענטש און אַ קנאַפּער פאַרדינער.

אין פריען באַגינען פלעגט עס אים אַרויסיאָגן צו דער אַרבעט, און אומגעקערט האָט ער זיך אין אָוונט איינגאַנצן אַן אויסגעשעפּטער. און אַלץ צוליב דעם שטיקל ברויט, וואָס איז אים אָנגעקומען מיט דער גרי־נער גאַל. האָב איך מיין פּלייצע צוגעשפּאַרט, מיין האַלדז מיט זיינעם איינגעשפּאַנט, און אינאיינעם געשלעפּט דעם שווערן יאָך פון לעבן. אין די ווינטער־נעכט פלעג איך אַרבעטן אויף „באַנדלעך קלאָוקס“, וואָס מיין מאַן האָט מיר געבראַכט פון סוועט־שאַפּ, אין כ'האָב אינגאַנצן פאַרגעסן אין שלאָף... און דאָך האָט מיך די בענקשאַפט נאָך טאַנצן ניט אָפּגע־לאָזט. ביינאַכט פלעגט זיך מיר חלומ'ען, ווי איך טאַנץ אויף אַ חתונה, מענטשן שטייען קאָפּ־אויף־קאָפּ און שרייען „בראַוואָ!“. אינדערפרי איז דער חלום פאַרגאַנגען....

איינמאָל האָב איך איבערגעלאָזט מיין מאַן מיט די קינדער און בין אַוועק צו אַ באַל פון מיינע לאַנדסלייט. איך האָב דאָרט קיינעם ניט דער־קענט, און קיינער האָט מיך ניט דערקערט. בין איך געזעסן און צוגעקוקט ווי יונגע פּאָרלעך טאַנצן דזשעז־טענץ, ווי עס טוליען זיך שוואַרצע צו בלאָנדע קעפּ און דרייען זיך ווי אין אַ זיסן חלום, און מיר איז אויסגע־

גאַנגען ס'היות צו טאַנצן; אָבער ניט נאָך אָט־די טענץ האָב איך גע־בענקט...

אַן אַנטוישטע בין איך אַוועק פונעם באַל און נאָך אַלץ געשפּינט אַ שיינעם חלום, אַז איך בין נאָך יונג, ס'וועט קומען אַ בעסערע צייט, ווען איך וועל קענען באַזוכן אַ טאַנץ־שול און באַנייען אָט־דעם קונסט־געביט.

אין שעה'ן פרייע האָב איך געלייענט ביכער, וואָס האָבן מיר דער־ציילט, אַז ערגעץ ווייט איז פאַראַן אַ גרויסע שיינע וועלט, פול מיט ליכט און ברויזנדיקן לעבן. און אויך פון אַזאַ לעבן האָב איך גע'חלום'ט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז מיין מאַן ניט געגאַנגען צו דער אַר־בעט. ער איז פאַרבליבן אין בעט, פון וואַנען ער איז שוין ניט אויפגע־שטאַנען... אַ שווערע קראַנקהייט האָט אים אַריינגענומען ווי אין אַ קלעם, און אויף מאָרגן איז אים שוין ניט געווען צו דערקענען. דער מלאך־המות האָט אויף מיר אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן, און פון יעדן ווינקל האָט געשלאָגן דער ריח פון טויט...

מיין מאַן האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַוועק אין דער אייביקייט, מיט־נעמענדיק אַלע מיינע שיינע חלומות. איך האָב דערפילט ווי אינעווייניק ביי מיר אין האַרצן האָט זיך עפּעס איינגעבראָכן, צעקלאַפּט און צעשלאָגן ווי אַ האַרבסטיק בלאַט פון ווינט בין איך געבליבן שטיין איבער די חורבות פון מיין לעבן. אָן שוץ, אָן זיכערקייט, אַנטקעגן שטורעם פון וויסטע טעג האָב איך זיך מיט מיין מזל געראַנגלט. מיינע טעג זיינען געווען פול מיט פּיין, און די נעכט פול מיט שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. די זאָרגן האָבן מיר די האָר פון קאָפּ געריסן. ניט איינמאָל בין איך געקומען אַהיים נאָך אַ טאָג אַרבעט־זוכן און געפונען מיינע יתומים מיט פאַרשמאַכטע ליפּן, שלינגענדיק זייערע טרערן...

אַוועק זיינען לאַנג שוין יענע שרעקלעכע טעג, נאָר זייער מורא איז פאַרבליבן פריש אין מיין האַרצן. און ווי גייט ס'לידל:

„יוגנט פאַרגייט; פון טעג ווערן יאָרן,
און איך בין פאַר דער צייט אַלט געוואָרן".

אין איינעם אַן אָוונט קומט אַריין אַ שכנה און דערציילט מיר, אַז זי לערנט זיך טאַנצן אין אַ קלאַס. זי איז צוגעשטאַנען, אַז איך זאָל זיך אויך פאַרשרייבן.

— אין מיינע יאָרן? — זאָג איך, — ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן.

— עס לערנען זיך איצט טאַנצן פיל עלטערע פון איך, — זאָגט זי, — ס'איז געוואָרן אַ מאָדע: הימל, ערד און טאַנצן. וואו מען קומט, טאַנצט מען אויף וואָס די וועלט שטייט. זומער אין די האָטעלן, אין קעמפּס, ביי

בר־מצווה „פּאַרטיס“, ביי געבורטסטאָג־שמחות. און טאָמער קענט איר ניט טאַנצן, — זאָגט זי, — זיצט איר און קוקט, ווי אַ בער אויף האָניק.

האָב איך מיך געלאָזט איבעררעדן און בין מיטגעגאַנגען. אַריין אין טאַנץ־זאַל, בין איך געבליבן שטיין פאַרגאַפט פונעם גרויסן עולם טענצער. אַ סך פון זיי — שוין אפילו מיט גרייז־גרויע קעפּ, אָבער מיט יונגנט־פייער אין די אויגן. איז מען געשטאַנען אין אַ קאַראַהאָד, האַלטנדיק זיך ביי די הענט. די פאַרשידענע קאָלירן פון די פרויען־קליידער האָבן געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ בלומען־גאָרטן. דער לערער, אַ יונגערמאַן אַן איידעלער, מיט אַ סימפּאַטיש פּנים, האָט ווי אויסגעזונגען: „איינס, צוויי, דריי — און דרייט זיך אויס, צוויי מאָל“. ער האָט אויך געהאַלטן אַן אויג אויף די טענצער און געלערנט שיינע זיטן ביים טאַנצן.

שוין אַ צייט, ווי איך באַזוך דעם טאַנץ־קלאַס. אָפטמאָל גיי איך אַריין אין דער ראָל, און ס׳טוט זיך אָפּ פון מיר די מידקייט פון אַ טאָג אַרבעט. איך פיל זיך אַ באַנייטע, און עס צעברענט זיך אין מיר דאָס טאַנצנדיקע פייערל פון גאָר אַמאָל, ווען מיינע פיס האָבן נאָך געטאַנצט פון זיך אַליין. איז אָבער די צרה: מיין „הויכער בלוט־דרוק“, מיין קורצער אָטעם... און וואונדער! שוין בייב פאַרגיין האָט די זון מיר ווידער צוגעוואָרפן אַ שטראַל.

פאַראַנען ביי מיר אַן אייניקל, אַ מיידעלע פון אַ יאָר עלף, אַ געבוירענע טענצערין, פאַר וועמען טאַטע־מאַמע האַלטן די בעסטע לערערס. אַנומלטן האָב איך זי געזען טאַנצן פאַר אַן עולם פון אַ פּאָר טויזנט מענטשן. דאָס איז ניט געווען גלאַט געטאַנצט. גרינג ווי אַ זומער־פייגעלע, האָט זי אַרומגעשוועבט אינדערלופטן, קוים באַרירנדיק די טאַנץ־בינע מיט די שפּיץ פינגער פון אירע קליינע פיסעלעך.

איך האָב געקוקט אויפן וואונדער־קינד און זיך געזען טאַנצן מיט אַזאַ מייכטערשאַפט, ווען איך בין געווען אין אירע יאָרן. ווען זי האָט געענדיקט, האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. דאָס קינד האָט זיך אַ פּאָר מאָל פאַרנויגט פאַרן עולם און דאַן צוגעלאָפן צו דער באָבען. זי האָט מיך אַרומגענומען מיט אירע ווייכע הענטעלעך. איך האָב זי צוגעדריקט צום האַרצן און דערפילט, ווי אַ טיפע פרייד גייט־אויף אין מיר, אַז דאָס וואָס איך האָב פאַרשפּילט, האָט מיין אייניקל געוואונען...

# צוויי ברידער

אַמאָל איז געווען אַ פּאַרמער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סך לאַנד. אַלע זומער פלעגט ער פאַרזייען קאָרן, און נאָכן זומער דעם קאָרן פאַרקויפן און פונעם געלט האָט ער געלעבט אַ גאַנץ יאָר.

ווען דער פּאַרמער איז געוואָרן אַלט און קראַנק און געפילט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע, האָט ער צו זיך צוגערופן זיינע צוויי זין און זיי געבעטן, אַז ווען ער וועט אַוועק פון דער וועלט זאָלן זיי אויך פאַרזייען קאָרן און נאָכן זומער זיך צעטיילן מיטן געראַטעניש גלייך אויף גלייך. די צוויי זין האָבן דעם פאָטער געגעבן אַ שבועה, אַז זיי וועלן אויספאָלגן זיין פאַרלאַנג.

דעם ערשטן זומער נאָכן פאָטער׳ס טויט האָבן די צוויי ברידער געהאַלטן וואָרט: פאַרזייט קאָרן און נאָכן זומער אַרונטערגענומען דעם קאָרן און איינגעבונדן די זאַנגען אין סנאָפּעס. ווען זיי האָבן די סנאָפּעס איבערגעציילט, איז אויסגעקומען פונקט טויזנט סנאָפּעס אויף אַ חלק.

יענע נאַכט, נאָכן צעטיילן זיך, איז דער אינגערער ברודער געלעגן אויפן געלעגער און ניט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט: — מיין ברודער האָט אַ ווייב מיט זעקס קינדער, דאַרף ער דאָך האָבן אַ גרעסערן חלק פון מיר. איך בין דאָך נאָר איין מענטש, איז וויפל איך וועל האָבן, וועט זיין גענוג פאַר מיר. ס׳האָט אים ניט געלאָזט רוען, ביז ער איז אויפגעשטאַנען אינמיטן נאַכט, אַוועק אויפן פעלד, גענומען צען סנאָפּעס פון זיין חלק און אַוועקגעלייגט לעבן ברודערס קאָרן...

דער עלטערער ברודער האָט אויך ניט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט: — מיין ברודער איז אַליין, ער דאַרף זיך פאַרזאָרגן אויף דער עלטער, קומט אים אַ גרעסערער חלק, און איך האָב דאָך זעקס קינדער, ווען כ׳וועל ווערן אַלט און מיינע קינדער וועלן אויסוואַקסן, וועלן זיי דאָך זאָרגן פאַר מיר. ווער וועט זאָרגן פאַר מיין ברודער? און דער עלטערער ברודער איז אויך אַוועק אויפן פעלד אינמיטן נאַכט, גענומען צען סנאָפּעס פון זיין חלק און אַוועקגעלייגט לעבן ברודער׳ס קאָרן...

אינדערפרי, ווען ביידע ברידער זיינען געקומען אויפן פעלד און איבערגעציילט די סנאָפּעס און ס׳איז געווען פונקט טויזנט אויף אַ חלק, האָט יעדער פון די ברידער געמיינט, אַז זיי האָבן געהאַט אַ טעות מיטן ציילן...

די צווייטע נאַכט האָט שוין יעדערער פון די ברידער איבערגעלאָזט צו צוואַנציק סנאָפּעס, אָבער אינדערפרי, ווען זיי האָבן איבערגעציילט און געפונען ווידער צו טויזנט אויף אַ חלק, האָבן זיי שוין די דריטע נאַכט גענומען צו דרייסיק סנאָפּעס... און טראָגנדיק די סנאָפּעס, האָבן זיך די ברידער באַגעגנט. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די סנאָפּעס פון זייערע הענט, געבליבן שטיין אַזוי געקרירט פון דער געטריישאַפט איינער צום אַנדערן, אַז זיי האָבן קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן. אַ ווײַלע זײַנען זיי געשטאַנען, געקוקט איינער אויפן אַנדערן, און צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן זיי באַגריפן, אַז וואו ס׳איז דאָ געטריישאַפט דאַרף מען ניט טיילן און ניט מעסטן.

דער עלטערער ברודער האָט זיך געווענדט צום אינגערן:

— דזשאָן, קום וואוין מיט מיר און מיין פאַמיליע. איך וועל לערנען מיינע קינדער דיך צו ליבן און שעצן, און ווען מיר בײדע וועלן ווערן אַלט, זאָלן זיי פאַר דיר זאָרגן פּונקט ווי פאַר מיר, זייער פאָטער.

דער אינגערער ברודער האָט צוגעשטימט. פון דאַן אָן איז ער שוין ניט געווען אַליין. ער האָט ליב געקראָגן דעם ברודער׳ס קינדער פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען זיינע אייגענע, און דאָס האָט דעם עלנטן ברודער געגעבן גרויס פרייד אין לעבן...

# דער אָדלער און דאָס טייכל

אַ גרויסער אָדלער איז אַמאָל אַראָפּגעפלויגן אין אַ טיפן טאָל, האָט ער דערזען אַ קליינעם שטראָם, וואָס האָט שטיל און באַשיידן דאָרט געפלאָסן און קוים זיך געלאָזט הערן.

האָט דער אָדלער געפרעגט דעם שטראָם מיט מיטלייד:

— וואָס ביסטו אַזוי שטיל? עס קוקט אויס, אַז דו ביסט אָפּגעזונדערט און פאַרגעסן פון דער גרויסער וועלט! ווערסטו גאָרניט מיטגעריסן פון די ווילדע גערויש פון דער וויכטיקע געשעענישן, וואָס קומען־פאַר אַרום דיר?

האָט דאָס וואַסערל שטיל אָפּגעענטפערט:

— איך טו מיין אַרבעט אין מיין קליינעם קרייז און פריי זיך, ווען איך קאָן געבן אַ פרישן טראָפּן צו מיינע שכנים, די זאַנגען אין פעלד. דורך מיר ווערט אָנגעפילט מיט זאַפט דאָס האַרץ פון אַ פראַכטפולער רויז. אַוודאי פאַרדריסט מיך, וואָס איך בין אַזוי קליין און קאָן ניט אויפטאָן עפּעס וויכטיקס. איך דערמאָן זיך אָבער אינעם ים, וואו איך און

אַלע, אַלע טייכן פליסן אַהין אַריין, בין איך שטאָלץ וואָס דאָרט זיינען אויך מיינע טראָפּנס פאַראַן.

## פון שיינקייט צו מיאוסקייט — אַ קליינער שפּאַן

אַ קעניג האָט אַמאָל געהייסן זיין זון, אַז ער זאָל זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט און ברענגען די שענסטע זאַך, וואָס ער וועט נאָר קענען געפינען.

האָט דער זון געוואַנדערט איבער שטעט און איבער לענדער, ביז ער האָט געקראָגן די וואונדערבאַרסטע זאַך און דאָס געבראַכט זיין פאָטער אין אַ קליין פּעקעלע. דער קעניג האָט געעפנט דאָס פּעקעלע און דערזען אַ צונג.

— איך האָב דאָך דיר געהייסן געפינען די שענסטע זאַך אין דער וועלט, און דו האָסט מיר גאָר געבראַכט אַ צונג, — איז דער קעניג געוואָרן אויסער זיך.

— אַ צונג קאָן זיין די שענסטע זאַך אין דער וועלט, — האָט דער פּרינץ געענטפערט.

— אויב אַזוי, — האָט דער קעניג באַפוילן, — מוזטו מיר געפינען די מיאוסטע זאַך אין דער וועלט.

האָט דער פּרינץ זיך ווידער אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט, און איז געקומען אַהיים ווידער מיט אַ קליין פּעקעלע. דער קעניג האָט געעפנט דאָס פּעקעלע, און צו זיין איבעררעשונג איז דאָרט ווידער געלעגן אַ צונג.

— איך האָב דאָך דיר געהייסן געפינען די מיאוס׳טע זאַך אין דער וועלט! — האָט דער קעניג אויסגעשריען.

— אַ צונג קאָן אויך זיין די מיאוס׳טע זאַך אין דער וועלט, — האָט דער פּרינץ געענטפערט.

## צוויי אינגלעך

אין אַ שטעטל האָט געלעבט אַן אָרעמע אלמנה מיט איר איינציק קינד, אַ אינגל. זי האָט געצויגן היונה פאַר זיך און פאַרן קינד פון דעם, וואָס זי האָט געוואַשן וועש, געפליקט פעדערן און געראַמט פרעמדע הייזער.

ווען איר קינד האָט געדאַרפט ווערן בר־מצווה, איז די אלמנה גע־קומען צום רב און אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ. זי האָט אים דער־ציילט, אַז איר אינגל דאַרף ווערן בר־מצווה און זי האָט ניט מיט וואָס צו פּראַווען די שמחה.

— אָט טוט אַ קוק, רבי, האָט די מוטער געקלאָגט, — ווען הער נגידה׳ס אינגל האָט געדאַרפט ווערן בר־מצווה, האָט געקאָכט דאָס גאַנצע שטעטל. מענטשן האָבן זיך געגרייט צום יום־טוב. מען האָט זיך געלאָזט מאַכן נייע קליידער. אין דעם רייכן הויז, האָבן סאַרוועריִנס טעג און נעכט געקאָכט און געבאַקט און געגרייט אַ גרויסע סעודה. ווען עס איז געקו־מען דער שבת האָט מען דעם בר־מצווה־בחור אויפגערופן צו דער תורה. נאָכדעם זייט איר, רבי, מיט די שענסטע באַלעבאַטים אין שטאָט געגאַנ־גען צו דער נגידה אויף קידוש. אָבער ווער וועט דען צו מיר קומען? ווער איז מיין אינגל און ווער בין איך?

— טאָכטער, — האָט דער אַלטער רב זיך אָפּגערופן, — דו זינ־דיקסט. דו האָסט זייער אַ געראָטענעם זון, אַ מתנה פון גאָט. דער מלמד זאָגט: דער בחור האָט ניט פאַרגעסן וואָס ער האָט געלערנט זינט ער איז געווען גאָר אַ קליין אינגל און ער וועט נאָך אַמאָל זיין אַ באַרימ־טער רב...

די פרוי האָט זיך צוגעהערט צום רב׳ס טרייסט־ווערטער. זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט און איז געגאַנגען אַהיים. דער רב האָט באַלד צו־זאַמענגערופן די רייכע באַלעבאַטים פון שטאָט און זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן אויף שבת אַריינשיקן דער אלמנה לעקעך מיט בראָנפן און אָנזאָגן זייערע ווייבער, אַז זיי זאָלן אויך אַריינשיקן די פעטע קוגלען מיט די טשאָלנטן. נאָכן דאַוונען וועלן אַלע באַלעבאַטים גיין צו דער אלמנה אויף קידוש, לכבוד איר זון׳ס בר־מצווה. זאָל זי זען, אַז די שטאָט פאַרגעסט ניט אירע יתומים און אלמנות...

שבת אינדערפרי, ווי נאָר די אלמנה איז מיט איר זון אַוועק אין שול, איז געוואָרן פריילעך אין שטעטל. די שכנים האָבן אַריינגעטראָגן צו דער פרוי אין שטוב זייערע טישן און בענקלעך. מען האָט געדעקט די טישן מיט ווייסע טישטעכער, אויסגעלייגט דאָס זילבער און אויסגע־שטעלט די גאָלדענע בעכערלעך. דינסטן האָבן גענומען ברענגען די פעטע קוגלען, די טשאָלנטן, לעקעך און בראָנפן, וויין און וואַשניק און די אָרעמע באַלעבאָסטעס זיינען אויך ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זיי האָבן אַריינגעשיקט די שבת׳דיקע געפלאָכטענע קוילעטשן, רעטעך מיט שמאַלץ, געהאַקטע לעבער און וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט אָפּשפּאָרן.

איז געווען אַ נחת צו זען, ווי דער רב האָט געפירט די באַלעבאַטים

פון שטאָט צו דער אַלמנה אויף קידוש...

דער בר־מצווה־בחור האָט געהאַלטן אַ פיינע דרשה, וואָס האָט די זויבער פאַרקלעמט ביים האַרצן, האָבן זיי זיך געווישט די אויגן מיט די פאַרטעכער און די מענער האָבן אָנגעקוואָלן פון דער דרשה און זיך גע־פרייט, וואָס ס׳וואַקסט אַ גאון ביי אידן.

ביי דער סעודה האָט מען געטרונקען לחיים און געוואונטשן דער אַלמנה, אַז איר זון זאָל אויסוואַקסן אַ באַרימטער רב, און אַז די זויבער האָבן אויך גענומען צו קאָפּעלעך בראָנפן, זיינען זיי געוואָרן פריילעך און באַרעדעווודיק. זיי האָבן געוואונטשן דער מוטער, אַז זי זאָל דערלעבן איר זונ׳ס חופה און אַז עס זאָל פון אים אַרויסוואַקסן אַ דור פון רבנים און צדיקים...

די אַלמנה האָט געקוקט אויף די גוטע מענטשן, וואָס ווינטשן איר אַזוי פיל גוטס און אויף איר קינד, איר טרייסט, ווי ער גייט אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, און איז מאָגער, הויט און ביינער. זי האָט געטראַכט פון דער נגידה׳ס אינגל, אַזאַ אויסגעפּאַשעטער, מיט רויטע פּוכקע בעקעלעך.... צו זיין בר־מצווה האָט אים די מוטער געפירט אין שול אַן אויסגעפּוצטן פון קאָפּ ביז די פיס אין נייע מלבושים...

צוויי אינגלעך זיינען געבוירן געוואָרן, — האָט זי געטראַכט, — איי־נער אויף הונגער, דחקות און צרות, און דער צווייטער אויף גליק, אויף פרייד און כבוד, און אַז ער וועט אויסוואַקסן, וועלן אַלע טירן זיין פאַר אים אָפן.... און פאַר איר זון? אַן אָרעם, עלנט קינד. וואָס וועט אים די וועלט געבן? ער וועט אפשר פאַרשעלטן דעם טאָג, וואָס ער איז גאָר געבוירן געוואָרן.

צוויי טרערן האָבן אַראָפּגעקאַפּעט פון אירע אויסגעוויינטע אויגן, געגליטשט זיך איבער אירע איינגעפאַלענע באַקן און זיינען אַראָפּגעפאַלן אויף איר אָפּגעטראָגן קלייד.

## דער גוטהאַרציקער מאַן...

אַן אָרעם פּאָרפאָלק האָט אַמאָל געקראָגן אַ מתנה פון אַ פריינט אַ פּאַרמער אַ פעסל עפּל.

רופט זיך אָן די פרוי צו איר מאַן:

— משה, איך דענק, אַז מען וואָלט באַדאַרפט געבן אַ ביסל עפּל די שכנים. זייערע קינדער וועלן זיך מחיה זיין מיט די טייערע זאַפטיקע עפּל.

— זיי גאָר ניט קיין שאַלאַטן שמש׳טע, — האָט דער מאַן זיך גע־בייזערט, — זיי דאַרפן עפּל, קאָנען זיי קויפן.

— אָבער עפּל זיינען דאָך איצט מיט גאָלד צוגליייך, — האָט די פרוי ניט אָפּגעלאָזט.

— אַז איך זאָג ניין, דאַרף זיין ניין! — האָט דער מאַן אויסגעשריען.

די פרוי האָט ניט געוואָלט, אַז עס זאָל קומען צו אַ קריג, איז זי שטילערהייט אַריין אין קיך און זיך גענומען עפּעס טאָן. צוערשט האָט זי פאַרקנאָטן אַ שטיק טייג, און אָפּגעבראָטן אַן עפּל־קוכן, דערנאָך האָט זי געמאַכט אַן עפּל־שטרודל און געבאַקענע עפּל.

פאַרן שלאָף האָט זי דערלאַנגט דעם מאַן אַן עפּל, מיט אַ גלאָז קאַלט וואַסער. אינדערפרי, אַן עפּל מיט אַ גלאָז הייס וואַסער. די פרוי האָט אים צוגערעדט, אַז דאָס איז זייער גוט פאַרן מאָגן.

אויף דעם מיטאָג־מאָלצייט האָט די פרוי מיטגעגעבן דעם מאַן אַ הייסע פלאַש קאַווע און אַ שטיק עפּל־קוגל, און האָט צוגעלייגט אויף צו פאַרבייסן אַ געבאַקענעם עפּל.

אויף וועטשערע האָט זי געשטעלט צום טיש פלייש מיט קאַרטאָפל און טיי מיט עפּל־שטרודל. אַזוי אַ וואָך צייט.

איין פרימאָרגן, ווען דער מאַן האָט זיך געזעצט אין שאַפּ צו דער אַרבעט, האָט ער דערפילט אַ שניידעניש אין מאָגן. האָט ער זיך גע־האַלטן ביים בויך.

געקומען אין אָוונט פון דער אַרבעט, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אין פעסל און דערזען, אַז ס׳איז נאָך דאָ העכער אַ האַלב פעסל עפּל, האָט ער געזאָגט צום ווייב:

— זלאַטע, זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב ניט געלאָזט פאַרטיילן אַ ביסל עפּל. ס׳איז טאַקע זייער ניט ש׳יין, אַז מיר, בלויז צוויי מענטשן, זאָלן אַליין אויפעסן אַלע עפּל.

די פרוי האָט זיך זייער דערפרייט, ווען זי האָט דערהערט די ווייכע רייד פון איר מאַן. זי האָט לאַנג ניט געטראַכט און זיך גענומען צו דער אַרבעט. ווען זי האָט געטיילט עפּל אויפן צווייטן שטאָק פון זייער הויז, האָט דער מאַן געטיילט עפּל אויפן ערשטן שטאָק.

אינדערפרי, ווען די פרוי האָט געוואָלט מאַכן עפּעס אַ נייע פּאָטראַווע, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז אין פעסל איז ניט געבליבן קיין איין עפּל.

# דאָס פּאָרל

(אַ לעגענדע)

ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלט איז אים ניט געפעלן געוואָרן ווי זי האָט זיך געפירט. האָט ער אַרונטערגעלאָזט אַ מבול, די וועלט צו דער־טרינקען.

גאָט האָט אָנגעשטעלט נח'ן ביי זיין תיבה, אַז ער זאָל דאָרט אַריינ־נעמען פון יעדן מין צו פּאָר, כדי די באַשעפענישן אויף דער וועלט זאָלן ניט אונטערגיין. ווען נח'ס אויפגאַבע האָט זיך שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן, איז צו אים צוגעהונקען אַזאַ העסלעכע באַשעפעניש, אַז עס איז געווען שרעקלעך אויף איר אַרויפצוקוקן.

— וואו איז דיין פּאָר? — האָט נח געפרעגט.

— איך האָב ניט קיין פּאָר, — האָט די באַשעפעניש געענטפערט.

— איך בין דער ליגן און קיינער האָט זיך ניט געוואָלט פּאָרן מיט מיר.

— אויב אַזוי, — האָט נח געזאָגט, — דאַרפסטו געפינען אַ פּאָר צו זיך, אַדער דערטרונקען ווערן אין דעם מבול.

איז דער ליגן אַוועק זוכן צו זיך אַ פּאָר, ער האָט זיך אַרומגעוואַל־גערט ביז ער האָט באַגעגנט די קללה.

— זיי מיין באַשערטע, — האָט דער ליגן זיך געבעטן ביי דער קללה, — וועט מען אונדז ביידן אַריינלאָזן אין דער תיבה, און נאָכן מבול וועל איך זיך אַרויסלאָזן איבער דער וועלט און אָנזאַמלען אַ גרויס פאַרמעגן, וואָס נאָר איך, דער ליגן, קאָן דאָס באַווייזן און מיין גאַנץ רייכטום וועט באַלאַנגען צו דיר. — האָט די קללה צוגעשטימט...

און ווען די וועלט איז איבערגעניי געשאַפן געוואָרן, האָט דער ליגן זיך טאַקע אַרויסגעלאָזט און געשאַפן אוצרות. אָבער אַלע אוצרות זיינען אַריין אין דער האַנט פון דער קללה. אַזוי ביז היינטיקן טאָג....

# קיין שמעק טאַבאַק איך ניט ווערט

די דריי מידות, וואָס אויף זיי שטייט די וועלט: תורה, עבודה און גמילות הסדים, זיינען געקומען צו גאָט מיט אַ דין־תורה.

טענה'ט די תורה: — גאָט, ווי קאָנסטו צוזען, ווי פון דיין עם־הספר איז געוואָרן אַן עם־הארץ? מען לערנט ניט מער קיין תורה! קיינער נעמט ניט קיין ספר אין האַנט.

— ניט אמת, — זאָגט גאָט, — פאַראַנען געגוג צדיקים, וואָס לער־נען נאָך תורה.

— אָבער ווער דאַוונט היינט? — רופט זיך אָן עבודה. — מען האָט אַוועקגעוואָרפן טלית און תפילין און פטור אַן עסק!

— איך גלויב ניט, — ענטפערט גאָט, — קאַרג חזנים דאַווענען נאָך?

— אָבער ווער גיט היינט אַ גמילות חסד? קיינער ניט! מען זאָל זיך אפילו אויסציען! — זאָגט גמילת־חסדים.

— ס'איז ניט אמת, — זאָגט גאָט, — איין איד וועט נאָך אַ צווייטן אידן געבן אַ גמילות־חסד אַ שמעק טאַבעק.

— אַזוי גאָר? — רופט זיך אָן גמילות־הסדים, — דער תורה האָסטו געגעבן די צדיקים, די חזנים דאָס דאַווענען, און מיך קומסטו אָפּ מיט אַ שמעק טאַבאַק?

— פאַל בײַ זיך ניט אַראָפּ, — זאָגט גאָט, — היינטיקע צדיקים מיט זייער תורה, און היינטיקע חזניב מיט זייער דאַווענען זיינען קיין שמעק טאַבאַק אויך ניט ווערט!

# שלח-מנות

אַ גרינער בחור, אַ שיינער, אַ געזונטער, איז איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין פעטער, אַ לערנער, אויף פורים צו דער סעודה. ווען ער איז אַריין צום פעטער האָט ער אים געפונען זיצנדיק אויבנאָן ביים שיין־געגרייטן יום־טובדיקן טיש. פון איין זייט איז געזעסן די מומע און פון דער צווייטער זייט דעם פעטערס טאָכטער, אַ מויד, אַן אָנשיקעניש, אַ פּרא־אדם. ס'זיינען אויך געזעסן אַרום טיש אַ סך געסט.

דער גרינער איז צוגעקומען צום פעטער און זיך אָנגערופן:

— פעטער, איך האָב אייך געבראַכט שלח־מנות אַ טייערן ספר, איר זאָלט מיך האָבן צו געדענקען.

דער פעטער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך געווענדט צום גרינעם פּלימעניק:

— מיין טייערער פּלימעניק, איך דאַנק דיר פאַר דיין שלח־מנות, וואָס דו ווילסט איך זאָל דיך האָבן צו געדענקען. גיב איך דיר הערפאַר מיין טאָכטער פאַר אַ ווייב, און דו וועסט מיך אויך האָבן צו געדענקען....

## זיי ניט קיין פערד

נאָכדעם, ווי אַ זינדיקער איז אָפּגעקומען אין גיהנום, האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן און געהייסן אין אַלדי־שוואַרץ יאָר אין גן־עדן. ער קומט צו צום טויער פון גן־עדן, זאָגט אים אַ מלאך, אַז מען לאָזט ניט אַריין קיינעם, וואָס קומט צופוס. מען דאַרף קומען צו פאָרן...

האָט זיך דער רשע געלאָזט גיין צוריק צום גיהנום. אויפן וועג טרעפט ער אָן נאָך איינעם, וואָס גייט צום גן־עדן.

— אומזיסט דייך טירחה, — זאָגט אים דער ערשטער, — מען לאָזט ניט אַריין אין גן־עדן, ווען מען קומט צופוס.

— טאָ זיי דו מיין פערד און איך וועל פאָרן אויף דיר רייטנדיק, וועט מען אונדז ביידן אַריינלאָזן, — זאָגט דער אַנדערער.

צוגעקומען צום גן־עדן האָט אַ מלאך אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— דו, וואָס ביסט געפאָרן רייטנדיק, קאָנסטו אַריינגיין. אָבער דיין פערד שטעל אַריין אין שטאַל, ווייל קיין פערד לאָזט מען ניט אַריין אין גן־עדן...

## זאָל זיך אַרומדרייען אַן אײדעם

אַ ישוב׳ניק איז אַמאָל געקומען צום ראש־ישיבה און געבעטן, ער זאָל אים געבן אַ זיידענעם יונגנמאַנטשיק פון זיין ישיבה פאַר אַן אײדעם.

— צו וואָס טויג דיר אַן אײדעם? — פרעגט דער ראש־ישיבה, — האָסט דאָך ניט קיין טאָכטער.

— פאַרשטייט איר, רבי, — האָט דער ישוב׳ניק געענטפערט, — ביי מיר אין הויף דרייט זיך אַרום אַ האָן, אַ קאָטער, אַ ביק, אַ זשרעבעץ, טאָ זאָל זיך אַרומדרייען אויך אַן אײדעם!...

## אַ שיינער תכלית

איינער האָט געפרעגט:

— איז טאַקע אמת, אַז די וועלט שטייט שוין פינף טויזנט יאָר?

— אוודאי אמת.

— טאָ וואו זיינען די טעג, מיט די נעכט מיט די יאָרן?

— גאַנץ פשוט, — האָט אַ צווייטער געענטפערט, — די טעג האָבן די ישיבה־בחורים אויפגעגעסן, די נעכט האָבן די מענער פאַרשפּילט אין קאָרטן און די יאָרן האָבן די ווייבער פאַרלייקנט.

# אוים אדון, אוים דגים

אין אַ שטעטל איז געווען אַן איספּראַווניק, אַ גע׳שמד׳טער איד, וואָס ס׳איז אין אים אָבער געבליבן ס׳אידישע האַרץ. ווען ס׳איז געקומען פרייטאָג־צונאַכטס איז אים אויסגעגאַנגען דאָס חיות נאָך אַ שטיקל געפילטע פיש. פלעגט ער אַוועקגיין אין קרעטשמע, און ווי נאָר דער ארענדאר פלעגט אים דערזען, פלעגט ער אויסרופן צום ווייב: „גנעסי! דער אָדון איז דאָ, דערלאַנג די דגים״ (פיש). פלעגט ס׳ווייב גרייטן צום טיש, מיט שבת־חלה, אַ ביסל בראָנפן, פיש מיט כריין, און דער איספּראַווניק האָט זיך דערקוויקט דעם גע׳שמד׳טן האַלדז... אַלע פרייטאָג אַזוי.

איינמאָל איז דעם איספּראַווניק איינגעפאַלן אויסצופּרובירן דעם אַרענדאַר, צי איז ער טאַקע אַזאַ גאַסט־פריינטלעכער מענטש, אָדער ער איז אויסן עפּעס אַ טובה פון אים...

איז ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען פרייטאָג אין קרעטשמע, האָט דער אַרענדאַר, ווי אַלעמאָל, אויסגערופן: „גנעסיע, דער אָדון איז דאָ, דערלאַנג די דגים!״ ער גיט אַ קוק אויפן משומד און זעט, אַז ער איז זייער טרויעריק. פרעגט ער אים:

— פּריצ׳ל, וואָס איז די מעשה, וואָס איר זענט אַזוי טרויעריק?

ענטפערט יענער: — משה, איך האָב פאַרלוירן מיין שטעלע!...

רופט־אויס דער אַרענדאַר צום ווייב: „גנעסיע, דער אָדון איז שוין אויס אָדון, קאָנסט אים שוין געבן אַ מכה, ניט קיין דגים!״...

# געלערנט קדיש

אַ איד האָט געוואוינט אין אַ דאָרף, האָט ער אַראָפּגעבראַכט אַ מלמד, וואָס זאָל לערנען זיין צען־יאָריקן זון תורה. אָבער ווען דער מלמד האָט געזען וואָס פאַר אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ דער יונג האָט, האָט ער ס׳ערשטע גענומען לערנען אים זאָגן קדיש. ווען דער פאָטער האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן אויסער זיך:

— איך בין נאָך גאָר אַ יונגער מענטש און איר לערנט שוין מיט מיין זון זאָגן קדיש?!

— האָט קיין יסורים ניט, — האָט דער מלמד זיך באַמיט צו באַרואיקן דעם פאָטער, — דאַן זאָלט איר שטאַרבן, ווען אייער זון וועט קאָנען זאָגן קדיש...

## אַנדערע ווען הנאה האָבן

אַמאָל איז געווען זייער אַ קאַרגער פּויער, האָט ער געקליבן יעדע מטבע, וואָס ער האָט פאַרדינט, אין אַ גרוב, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין גאָרטן. זיינען אַוועק יאָרן און ער האָט שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ היפּשע סומע געלט.

איינמאָל האָט אימיצער דערזען פרישע ערד אין אַ ווינקל פון גאָרטן און געפונען דעם אוצר און אים צוגענומען... ווען דער פּויער איז ביי־נאַכט געקומען פון פעלד און זיך געוואָלט אָנשפּיגלען אין זיין פאַרמעגן, ווי ס׳איז געווען זיין טבע, האָט ער געפונען אַ ליידיקע גרוב... ער איז אַוועק צום איספּראַווניק פון שטאָט און דערציילט, אַז זיין גאַנץ לעבן האָט ער געקליבן דאָס געלט, קיינמאָל זיך ניט פאַרגונען עפּעס צו קויפן. ער האָט בלויז געהאַט פאַרגעניגן יעדן טאָג צו קוקן אויף זיין פאַרמעגן, און האָט הנאה געהאַט צו זען ווי זיין אוצר וואַקסט... און איצט, האָט מען אים באַרויבט פון זיין איינציקער פרייד, וואָס ער האָט געהאַט אין לעבן!... — און ביי די ווערטער האָט זיך דער פּויער צעכליפּעט.

— וויין ניט, — האָט דער איספּראַווניק אים געזוכט צו טרייסטן, — זאָגסט, אַז דו האָסט קיינמאָל דאָס געלט ניט גענוצט, בלויז געקוקט אויף דעם, ווען ס׳איז געלעגן אין גרוב. טאָ זאָל זיך דיר אויסווייזן, אַז דאָס געלט ליגט דאָרט איצט אויך, און קוק אַריין יעדן טאָג, ווי דו פלעגסט דאָס טאָן ביז איצט...

— אָבער, וואָס מיר קרענקט, — האָט דער פּויער נאָך אַלץ געוויינט, — איז וואָס אַנדערע ווען הנאה האָבן פון מיין שווער־פאַרהאָרעוועט געלט....

## ציבעלעס

אַמאָל איז געווען אין אַ שטעטל זייער אַן אָרעמער מלמד. האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ לאַנד, וואָס האָט ניט קיין ציבעלעס. האָט ער איינגעהאַנדלט אַ וואָגן ציבעלעס און זיך אַוועקגעלאָזט אין דער הויפּט־שטאָט פון יענעם לאַנד, גלייך צום קייסער. ווען ער איז צוגעקו־מען צום פּאַלאַץ, האָט ער געבעטן די דינער, אַז זיי זאָלן לאָזן וויסן דעם קייסער, אַז ער האָט געבראַכט אַזאַ געווירץ, וואָס מען קאָן מאַכן פון דעם די געשמאַקסטע מאכלים. האָט דער קייסער געהייסן צולאָזן דעם סוחר. האָט דער מלמד אויסגערעכנט פאַרן קייסער אַלע מאכלים, וואָס מען קאָן

מאַכן מיט ציבעלעס: — אַ יויך, אַ באָרשט, אַ געבראָטנס, אַ זשאַרקאָיע, הערינג מיט ציבעלעס, רעטאַך מיט ציבעלעס, געהאַקטע לעבער, געבראָטענע לעבער, און גלאַט אַזוי ציבעלעס מיט ברויט און שמאַלץ. האָט דער קייסער באַפוילן דעם קוכער צוגרייטן אַ סעודה פון די אַלע מאכלים, וואָס דער איד האָט אויסגערעכנט, און פאַררופן אַלע געהויבענע לייט. די געסט האָבן זיך גאָרניט געקאָנט אָפּלויבן פון די געשמאַקע מאכלים. האָט דער קייסער צוגענומען דעם וואָגן ציבעלעס און געגעבן דעם אידן אַ וואָגן גאָלד. ווען דער איד איז געקומען צוריק אין שטעטל מיטן וואָגן גאָלד איז געוואָרן אַ רעש, און דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדלעך. האָט זיך אַ איד אַ קבצן פאַרטראַכט, אַז אויב אין יענעם לאַנד וואַקסן ניט קיין ציבעלעס, וואַקסט דאָך דאָרט קיין קנאָבל אויך ניט! וועט ער ברענגען אַהין אַ וואָגן קנאָבל, און ווען דער קייסער האָט געגעבן אַ וואָגן גאָלד פאַר ציבעלעס, וועט ער דאָך אים געבן פאַר די קנאָבל אַ וואָגן מיט בריליאַנטן...

איז דער איד געקומען צום קייסער און אים איבערגעגעבן, וואָס פאַר אַ מאכלים מען קאָן מאַכן פון קנאָבל, ווי קאָטלעטן מיט קנאָבל, באָרשט פאַרבראָקט מיט קנאָבל, פיש קאָטלעטן מיט קנאָבל, ראָסעלפלייש מיט קנאָבל. און קנאָבל אָנגעריבן אויף קאָרן ברויט איז גאָר אַ מאכל מאכלים!

האָט דער קייסער ווידער געמאַכט אַ סעודה מיט די מאכלים מיט קנאָבל, און די געסט האָבן זיך ווידער ניט געקאָנט אָפּלויבן פונעם געשמאַקן ריח פונעם קנאָבל. האָט דער קייסער גאָרניט געקאָנט צוטראַכטן קיין מער זעלטענע מתנה פאַר די קנאָבל, ווי די ציבעלעס... ער האָט ביים אידן צוגענומען דעם וואָגן מיט קנאָבל און אים אַוועקגעגעבן דעם וואָגן מיט ציבעלעס...

## ס׳איז אים אַ שאַנדע פאַרן פויער

אַ איד, וואָס האָט געוואוינט אין אַ דאָרף, האָט זיך זייער גוט פאַרהאַלטן מיט זיין שכן, אַ פויער. פלעגט ער אים איינלאַדן יעדן יאָר צום סדר, און ווען דער איד פלעגט זאָגן „לשנה הבאה בירושלים״, האָט דער פויער געפרעגט, וואָס די ווערטער מיינען. און דער איד האָט אים דערקלערט, אַז איבעראַיאָר דערוואַרטן די אידן צו זיין אין ארץ־ישראל, אין זייער אייגן לאַנד. אַזוי יעדן יאָר. ביז איינמאָל, ווען דער איד האָט פאַרענדיקט מיט די זעלבע ווערטער „לשנה הבאה בירושלים״, האָט ער צוגעלייגט:

— רבונו של עולם, איך שעם זיך שוין פאַרן פויער. ווען וועסטו שוין טאַקע אויסלייזן דיין פאָלק ישראל פון גלות ?....

## דער אינשורענס-אַגענט

אין אַ קריסטלעכער געגנט האָט זיך אַריינגעקליבן אַ אידישער אינ־שורענס־אַגענט. פונעם ערשטן טאָג אָן האָט ער זיך געגומען באַקענען מיט די קריסטן. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ פריילעכער לונג־און־לעבער, האָבן די קריסטן אים איינגעלאַדן צו די פאַרטיס פון זייער קלוב. דער איד, וואָס האָט געקענט אַ סך שיינע מעשיות, פלעגט דעם עולם פאַרווילן, און די קריסטן האָבן אים ליב געקראָגן. איינמאָל האָבן זיי אָפגעמאַכט מיטן גלח, אַז ער זאָל ביי איינער פון זייערע צוזאַמענקונפטן אַריינגיין אין אַ זייטיקן צימער און זען באַווירקן דעם אידן, אַז ער זאָל זיך שמד׳ן. אַ שעה צייט האָט דער גלח פאַרבראַכט מיטן אידן. ווען זיי זיינען אַרויס פון צימער זיינען זיי שוין ביידע געווען אָפגעגאָסן מיט שווייס... און ווען מען האָט געפרעגט דעם גלח, צי ער האָט איבערגע־רעדט דעם אידן צו שמד׳ן זיך, האָט דער גלח געענטפערט מיט אַ זיפץ:

— ניט איך האָב אים איבערגערעדט, נאָר ער האָט מיך איבערגערעדט און מיר געמאַכט אַ צען טויזנט דאָלערדיקע פּאָליסי...

## אָנגעשמירט פאַרקערט

פרעגט איין ישיבה־בחור:

— איז עס טאַקע אמת, וואָס מען זאָגט, אַז ווען מען שמירט־אָן אַ שטיקל ברויט מיט פוטער און אַז ס׳פאַלט אַראָפּ, פאַלט עס תמיד מיט דער פוטער אַראָפּ?

— אַ גוטער סימן, — זאָגט דער צווייטער, — ביי מיר איז היינט אַראָפּגעפאַלן אַ שטיקל ברויט מיט פוטער, און גראַדע מיט דער פוטער אַרויף...

— מסתמא איז דאָס געווען פאַרקערט אָנגעשמירט, — האָט גע־ענטפערט דער ערשטער...

## ער וועט אים אָפּדינען

אין אַ שטעטל, אין דער אַלטער היים, איז אַ וואַסער־טרעגער גע־קומען צום גביר פון שטאָט און זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל פאַר

אים באַהאַלטן אין זיין קאַסע הונדערט רובל, וואָס ער האָט צוזאַמענגע־קליבן פאַר זיין טאָכטער נדן.

— און וואָס וועסטו טאָן פאַר מיר? — האָט דער גביר געפרעגט ביים וואַסער־טרעגער.

— איך וועל אייך טראָגן וואַסער אָן אַ גראָשן געלט, — האָט גע־ענטפערט דער וואַסער־טרעגער.

## באַשערט אַן אומגליק

אַ איד מיט אַ לאַנגער און ברייטער באָרד איז אַמאָל געקומען צום דאָקטאָר וועגן זיין געזונט־צושטאַנד. דער דאָקטאָר האָט דערזען די שרעקלעך־לאַנגע באָרד, האָט ער געפרעגט דעם אידן:

— ווי אַזוי שלאָפט איר מיט אייער באָרד? איר האַלט זי אונטער דער קאָלדרע, צי אויף דער קאָלדרע?

— איך ווייס אַליין אויך ניט, — האָט דער איד געענטפערט.

יענע נאַכט, ווען דער איד האָט זיך געלייגט שלאָפן האָט ער באַ־האַלטן די באָרד אונטער דער קאָלדרע. איז אים געווען צו וואַרעם. האָט ער די באָרד אַוועקגעלייגט אויף דער קאָלדרע, איז אים ווידער געווען אומבאַקוועם צו שלאָפן... האָט ער גערעדט אין זיך:

— זעכציק יאָר האָב איך געהאַט אַ באָרד און אפילו ניט געוואוסט, אַז איך האָב זי. האָט מיך דער רוח אָנגעטראָגן צו גיין צום דאָקטאָר...

## זי וועט קאָנען אויסקומען

אַן אלמן האָט זיך גע׳שדכנ׳ט צו אַן אלמנה. זאָגט ער איר:

— איך וועל זיין מיט אייך אויפריכטיק: איך פאַרדין בלויז פופציק דאָלאַר אַ וואָך. דענקט איר, אַז איר וועט קאָנען אויסקומען?

— יאָ, — האָט געענטפערט די אלמנה, איך וועל קאָנען אויסקומען, אָבער פון וואָס וועט איר לעבן?...

## ער איז אים מוחל

אַ שניידער האָט ערב יום־כיפור זיך אויסגע׳טענה׳ט מיט גאָט:

— רבונו של עולם, זיי מיר מוחל מיינע זינד. אין דער אמת׳ן, איך

וואָס באַשטייען דען מיינע זינד? מ'שטיינס געזאָגט, געכאַפּט עפּעס אין מויל אומגעוואַשן, ווען איך האָב זיך געאײַלט פאַרענדיקן אַ שטיקל אַר־בעט פאַרן גביר, צי פאַר אַ פריץ; און ווען ס'איז מיר געבליבן אַ שטיקל סחורה האָב איך דאָס ניט אַוועקגעגעבן ניט דעם נגיד און ניט דעם פּריץ, און פון שטיקל סחורה געמאַכט פאַר אַ קינד אַ יאַקעלע, זיי גייען דאָך בײַ מיר, די קינדער, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן. איז וואָס איז דאָס פאַר אַ זינד אַנטקעגן דײַנע זינד, גאָטעניו? דו נעמסט דאָך צו מער ווי אַ שטיקל סחורה. דו נעמסט צו בײַ אַ מוטער אירע קינדער, בײַ קליינע קינדער זייער מאַמען, און בײַ אַלטע לייט זייער זון, זייער ברויט־געבער. איז אויב איך בין דיר מוחל, גאָטעניו, מעגסטו מיר אַוודאי מוחל זײַן, און מיר געבן אַ גוט קוויטל צום נײַעם יאָר!...

## זי וועט פאָרן צו דער שוועסטער

אַ אידענע האָט זיך געווענדט צום רבונו של עולם:

— גאָטעניו, טאָמער גיסטו מיר ניט הײַנטיקס יאָר קיין גוט קוויטל, פאָר איך צו מײַן שוועסטער אויף סוכות...

אַ שכנה האָט עס געהערט און אַ פרעג־געטאָן:

— איר מיינט טאַקע צו פאָרן צו אײַער שוועסטער אויף סוכות?

— ווער? וואָס? ווען? — האָט די אידענע געענטפערט, — נאָר די מענער, אַז איר וועט ניט אָנשרעקן, וועט איר בײַ זיי גאָר ניט קריגן...

## פרנסה איז בילכער

דער קעניג גוסטאַוו איז אַמאָל געגאַנגען גאַנץ־פרי אויף יאַגד, איז ווי ער שטייט לעבן וואַלד, קומט אָן אַ פרוי מיט אַ שווערן קויש הינער.

— וואוהין גייסטו? — פרעגט זי דער קעניג.

— איך גיי אין שטאָט פאַרקויפן די הינער, און וועל שוין קאָנען זען דעם קעניג... מען זאָגט, אַז ער וועט הײַנט זײַן אויפן מאַרק.

— אַ שאָד, וואָס דו ווילסט זען דעם קעניג, — זאָגט גוסטאַוו, — אַניט וואָלט איך בײַ דיר אָפּגעקויפט די הינער.

— אויב איר ווילט קאָנט איר זיי קויפן און דער קעניג קאָן גיין צום טיול! — האָט די פרוי אומשולדיק געזאָגט.

## ער קאָן שפּרינגען ביז דער סטעליע

אין אַ קליין שטעטל, אין אַלטן פּוילן, פלעגט זיין אַ יאַריד איינמאָל אין מאָנאַט, און פּויערים פלעגן קומען מיט זייערע פּראָדוקטן, אַזוי אַז ס'איז ניט געווען וואו אַ שפּילקע דורכוואַרפן. לעבן בית־המדרש איז געשטאַנען אַ פּויער מיט אַ וואָגן האָלץ, און אַ איד האָט זיך געהאַלטן אין איין דינגען. דערווייל האָט דער איד דערהערט, דורך אַ פענצטער פון שול, אַז מען שפּרינגט „קדוש", האָט ער אויך גענומען שפּרינגען. האָט דער פּויער צום אידן אויסגעשריען אין פּויליש: — דו קאָנסט שפּרינגען פון היינט ביז מאָרגן, וועסטו גאָר ניט אָפּדינגען!...

## אַז מען זאָגט אַן אלמנה, זאָל מען גלויבן

אַ איד איז אַריין אין אַ „דעליקאַטעסן סטאָר" און האָט אויפגעגעסן עטלעכע קישקעלעך, איז אים ניט גוט געוואָרן און ער איז גלייך געשטאָרבן. איז געוואָרן אַ גוואַלד, אַ טומל, ווער עס זאָל גיין אָנזאָגן זיין ווייב די בשורה. האָט דער באַלעבאָס געזאָגט, אַז ער אַליין וועט גיין, ווייל ס'איז אים שוין ניט ס'ערשטע מאָל...

איז ער אַוועק און אָנגעקלאַפּט אין טיר. קומט אַרויס אַ פרוי. פרעגט דער איד: — דאָ וואוינט מרס. ראָזן, די אלמנה?

ענטפערט די פרוי: — איך הייס מרס. ראָזן, אָבער, דאַנקען גאָט, איך בין ניט קיין אלמנה.

— וויפל ווילט איר זיך וועטן, אַז איר זענט יאָ אַן אלמנה? — פרעגט דער איד.

## מען טאָר זיך ניט מישן צווישן אַ פּאָרפאָלק

דעם ערשטן שבת נאָך דער חתונה האָבן מאַן און ווייב, אַ יונג פּאָרל, אָפּגעמאַכט, אַז שבת וועלן זיי גיין אין טעאַטער און זונטאָג צו אַ קאָנצערט. מיטאָמאָל קומט איר מאַמע צו גאַסט... דער אידעם איז געווען אויסער זיך, וואָס די שוויגער האָט זיי געשטערט די פּלענער. האָט ער פאַרפירט מיטן ווייבל אַ קריג, אַז זי האָט ניט קיין געשמאַק אין קליידונג, קאָן ניט קאָכן, ווייסט ניט ווי צו פירן אַ באַלעבאַטישקייט... איז דאָס ווייבל אים אויך ניט געבליבן שולדיק... און ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם צווישן פּאָר־פאָלק.

פרעגט דער אײדעם: — שװיגער, זאָגט אַלײן, װער איז גערעכט, איך צי זי?

— איך װײס פון גאָר ניט, — האָט געענטפערט די שװיגער, — איך בין געקומען זײן מיט איך אַ גאַנצן װינטער... איז װאו צװײ שלאָפן אויף אײן קישן, טאָר זיך אַ דריטער ניט מישן...

## אַ מין שול...

אַ איד איז אײנמאָל אַרײנגעקומען אין אַ שול און קײנעם ניט גע־פונען. װאַרט ער און װאַרט, ביז ס׳קומט אָן דער גבאי.

— װאָס איז דאָס בײ איך, פאַר אַ פּאַסקודנע שול? — פרעגט דער איד, — איך דאַרף האָבן יאָרצײט און ס׳איז ניטאָ קײן שמש אויף אַ רפואה...

— אָט אַזוי װי איר זעט, — זאָגט דער גבאי, — קאָנען מיר דאָ אָפּזיצן טעג און נעכט און קײנער שמעקט ניט אַרײן. איז שוין געקומען אַ לױזיקער קאָסטימער, איז ערשט ניטאָ דער שמש...

## צענטער און „צענטער"

דערצײלט אַ איד:

— בײ אונדז אין שטעטל פלעגט טרעפן, אַז ס׳זײנען געקומען אין שול נײן אידן און ס׳האָט געפעלט אַ צענטער. אין אַמעריקע איז דאָ אַ צענטער, פעלן אָבער די נײן אידן...

## אפשר...

בײ אונדז איז געװען אַן אַלטער איד, אַ זקן, דאָך פלעגט ער קומען אין שול דאַװענען צװײ מאָל אין טאָג. מיטאַמאָל האָט ער אױפגעהערט צו קומען. איז מען אַװעק זען, װאָס עס איז געשען. מען קומט אַרײן, דער זקן זיצט בײם טיש פאַרטיפט אין אַ ספר, געזונט אויף אַלע חושים.

— װאָס איז די מעשה, ר׳ שלמה, װאָס איר האָט אױפגעהערט קו־מען אין שול?

ענטפערט דער אַלטער: — פאַרשטייט איר מיך, אין מיינע יאָרן איז בעסער, אַז איך זאָל מיך ווייזן פאַר גאָט וואָס ווייניקער, אפשר וועט ער אינגאַנצן אין מיר פאַרגעסן...

# תלמוד

אַמאָל איז אַ דאָרפס־יונג געקומען צום רב און געבעטן, אַז ער זאָל אים געבן צו פאַרשטיין, וואָס איז אַזוינס תלמוד.

— דו וועסט עס ניט פאַרשטיין, — האָט דער רב געזאָגט, — ווייל איידער מ׳לערנט תלמוד דאַרף מען פריער לערנען „אלף־בית“.

אָבער דער יונג איז ניט אָפּגעטראָטן פונעם רב. איינמאָל פאַר אַלע מאָל, ער וויל וויסן, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין תורה, וואָס ער וועט ניט פאַרשטיין.

— גוט! — זאָגט דער רב. — צוויי מענער זיינען געקראָכן דורך אַ קוימען, איינעמס פנים איז געווען שוואַרץ פון סאַזשע און דעם אַנדערנס פנים איז געווען ריין. איז וועלכער האָט זיך פון די צוויי געוואַשן ס׳פנים?

— אַוודאי דער, וועמענס פנים איז געווען אין סאַזשע, — האָט דער דאָרפס־יונג אויסגערופן.

— איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו וועסט ניט פאַרשטיין קיין תלמוד, — האָט דער רב געזאָגט. — וואָרום ווען דער, וואָס איז געווען אויסגע־שמירט אין סאַזשע האָט געקוקט אויף דעם, וועמענס פנים ס׳איז געווען ריין, האָט ער געמיינט, אַז זיין פנים איז אויך ריין, האָט ער זיך גע־וואַשן... דער, וועמענס פנים ס׳איז געווען ריין, האָט געקוקט אויף דעם, וועמענס פנים ס׳איז געווען אין סאַזשע, האָט ער געמיינט, אַז זיין פנים איז אויך אין סאַזשע, האָט ער זיך געוואַשן.

— דאָס איז תלמוד?... איז וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין? — האָט געזאָגט דער דאָרפס־יונג.

— ביזטו טאַקע פּאָרט אַ דאָרפס־יונג! — האָט דער רב געזאָגט, שוין אַ ביסל אויפגערעגט, — אויב צוויי זיינען געקראָכן דורך איין קוימען, איז ווי איז מעגלעך, אַז איינעמס פנים זאָל זיין ריין, און דעם אַנדערנס זאָל זיין אויסגעשמירט מיט סאַזשע?

## דער משומד

אַ איד דערציילט: — איך האָב אַמאָל זיך געקויפט אַ גראָסערי אין אַ קריסטלעכער געגנט. האָט קיינער פון די קריסטן ניט אַריינגעשמעקט... זיינען אַוועק וואָכן און איך האָב געזען, אַז איך וועל פון דער גראָסערי אַרויס אין איין העמד, און מיין ווייב האָט געהאַלטן אין איין וויינען: — אַזאַ בלוטיק פאַרהאָרעוועט געלט...

בין איך אַוועק צום גלח און אויסגעגאָסן מיין ביטער האַרץ, אַז זייערע קריסטן באָיקאָטירן מיין סטאָר. האָט דער גלח מיך געראַטן, אַז איך זאָל זיך שמד׳ן... האָב איך געטראַכט, אַז וואָס קאָן דאָס מיר שאַטן... אין האַרצן בלייב איך דאָך אַ איד? האָב איך צוגעשטימט. האָט דער גלח גענומען אַביסל הייליקע וואַסער, געשפּריצט אויף מיר און געשעפּטשעט: „מאָזעס אַוט, דזשיזוס אין! מאָזעס אַוט, דזשיזוס אין״...

איך האָב קיינעם פון דעם ניט דערציילט, אפילו ניט מיין ווייב. און וואָס זאָל איך אייך זאָגן: זונטאָג האָט דער גלח געלאָזט וויסן די קריסטן, אַז איך בין שוין אַ „זייערער״... האָט מען אָנגעהויבן קומען און קויפן, און ס׳איז אַוועק אַ גאַנג. ס׳האָט ניט לאַנג גענומען און איך האָב געמוזט מאַכן גרעסער די גראָסערי, צוגענומען אַ פּאָר מענטשן, און איך האָב געלאַכט פון דער וועלט! ביז — איינמאָל אַ פרייטאָג באַוויזט זיך דער גלח ביי מיר אין שטוב.

— ס׳קאָכט זיך ביי דיר טשיקן! — גיט ער אַ געשריי. — מיר האָבן דיך געמאַכט רייך, און דו לאַכסט זיך אויס פון אונדזער רעליגיע!...

— ס׳קאָכט זיך ביי מיר פיש! — זאָג איך.

טוט ער אַ דעק־אָפּ ס׳טעפּל און דערזעט די טשיקן....

— פאָטערל! — בעט איך זיך ביי אים, — איך האָב אַריינגעלייגט די טשיקן אין טעפּל, געשפּריצט אויף דעם וואַסער און געזאָגט עטלעכע מאָל: „זאָלסט ווערן פיש! זאָלסט ווערן פיש!״...

— ווי אַזוי האָסטו געקאָנט דערוואַרטן, אַז פון טשיקן זאָל ווערן פיש?! — האָט דער גלח געדונערט.

— און ווי אַזוי האָסטו געקאָנט דערוואַרטן, אַז פון אַ איד זאָל ווערן אַ קריסט?... — האָב איך אים געפרעגט.

## די נשמה

אַ גרופּע מענער זיינען געזעסן און זיך גע׳חקירה׳ט, דורך וואַנען ס׳גייט אַרויס די נשמה, ווען אַ מענטש שטאַרבט. האָט איינער געזאָגט:

— פון די אויגן. אַ סימן: ווען ביי אַ מענטשן גייט־אַרויס די נשמה, מאַכן זיך ביי אים צו די אויגן.

האָט אַן אַנדער גע׳טענה׳ט, אַז אַ סך מענטשן, ווען זיי שטאַרבן, זיינען גראַדע ביי זיי אָפן די אויגן. און ביז נעכטן ביינאַכט האָט ער טאַקע ניט געוואוסט פונוואַנען די נשמה גייט אַרויס. אָבער איצט, ווייסט ער שוין... ווייל נעכטן, שפּעט ביינאַכט, איז אים אויסגעקומען פאַר־בייגיין דעם גלח׳ס הויז, האָט ער געזען, ווי דער גלח האָט אַרויסגעלאָזט אַ מיידל דורכן פענצטער און אַ זאָג געטאָן זייער שטיל: „גיי, נשמה מיינע"... — ווייס איך איצט, אַז די נשמה גייט גאָר אַרויס דורכן פענצטער...

## דער באַרימטער מגיד

אַ באַרימטער מגיד איז אַמאָל געקומען אין אַ שטעטל האַלטן אַ דרשה, האָט אים דער גבאי פאַרטרויט, אַז ביי זיי אין שטעטל איז פאַראַנען אַ איד, וואָס האַלט אַ ניט־אָנשטענדיק הויז. „איז, ווען איר, רבי, — האָט ער געזאָגט, — וועט האַלטן אייער דרשה, זאָלט איר עפּעס אַריינטאָגן, אַז דער אויסוואורף זאָל זיך פילן געטראָפן"...

ווען דער מגיד איז געשטאַנען אויפן בעלעמער און גערעדט צום עולם אידן האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אַז ווי איז דעם ווייגאַרטן, וואָס פאַרמאָגט איין פוילע פלאַנץ, ווייל איין פוילע פלאַנץ קאָן פאַרדאַרבן אַ גאַנצן ווייגאָרטן"... ביי דער שטעלע האָט דער מגיד באַמערקט, ווי אַ איד האָט זיך אַ טרייסל־געטאָן און זיך אַ טאַפּ־געטאָן ביים שטערן...

ווען דער מגיד האָט געענדיקט זיין דרשה, איז ער צוגעגאַנגען צום אידן און געפרעגט:

— פאַרוואָס האָט איר זיך אַ כאַפּ־געטאָן ביים קאָפּ, ווען איך האָב דערמאָנט אַ ווייגאַרטן, מיט אַ שלעכטער פלאַנץ?...

— איך האָב זיך דערמאָנט, וואו איך האָב פאַרגעסן מיין שירעם...

— האָט דער איד געענטפערט.

## די קרעטשמע מיט די ניין גלעקער

אַמאָל איז אַ איד געקומען צום רבי׳ן און זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט אַ קרעטשמע. זיין ווייב איז אַ גרויסע ווירטין, אירע מאכלים מעג מען

שטעלן פאַרן קייסער! איז אָבער דער אומגליק, וואָס קיינער פון די פאַרבייפאָרער שמעקט ניט אַריין. זאָל ער, דער רבי, אים מבטיח זיין, אַז ער וועט האָבן פרנסה. האָט דער רבי אים געהייסן אויפהענגען איבער דער טיר פון דער קרעטשמע ניין גלעקער, מיט אַ גרויסער אויפשריפט: „די קרעטשמע מיט די צען גלעקער"...

איז דער איד אַוועק פון רבי׳ן און געטאָן, ווי דער רבי האָט אים געהייסן. איז ווער ס׳איז פאַרבייגעפאָרן און דערזען די ניין גלעקער, מיט דער אויפשריפט „צען גלעקער", איז אַריין אין קרעטשמע פרעגן, צי איז דאָס ניט געווען קיין טעות... דערווייל האָט דעם אַריינגעקומענעם זיך פאַרגלוסט אַ טרונק בראָנפן, אַ פאַרבייסן, און טאָקע די גוטע מאכלים, וואָס האָבן פאַרשמעקט ס׳הויז... און אויב איינער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן צו מאַכן דעם אַרענדאַר אויפמערקזאַם אויפן טעות, האָט ער שוין ניט פאַרגעסן, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אויף צוריק אַריינצוגיין אין קרעטשמע... אָט אַזוי איז דעם אַרענדאַר אַוועק מיט דער „גימל". איז ער אַוועק צום רבי׳ן און געפרעגט: „וואָס איז דער שכל פון דעם, וואָס איר האָט געהייסן אויפהענגען 9 גלעקער?" האָט דער רבי געענטפערט: „יענער מענטש מיינט, אַז ער איז דער חכם"...

## ער איז דאָך פריער געווען אַ קייסער...

אַ איד איז געקומען צום רבי׳ן און האָט אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ, אַז ער האָט קיין עין־הרע אַ פולע שטוב מיט קינדער, וואָס רייסן זיך איבער אַ שטיקל טרוקן ברויט, און ער האָט ניט וואו צו פאַרדינען אַ גראָשן ווייב און קינדער מפרנס צו זיין. און די שטוב איז קליין, קאַלט און אָרעם, ס׳רינט פון דער סטעליע, און ער האָט ניט מיט וואָס דעם דאַך פאַרריכטן... קורץ: ס׳איז אים אַזוי שלעכט, אַז ס׳קומט אים נאָר אויס פון בריק אין וואַסער...

האָט דער רבי אים געהייסן אַריינלאָזן אין שטוב אַ ציג, אַ האָן און אַ קאַץ... האָט ער אַזוי געטאָן... איז די ציג געשפרונגען פון דער הויט און באַשמוצט די שטוב... די קאַץ האָט אויסגענאַשט, וואו אַ פּיצל פליש, און דער האָן האָט אויסגעשלאָגן די פענצטער... אַז דער איד האָט דערזען, וואָס די דריי מזיקים האָבן געמאַכט פון זיין שטוב, איז ער ווידער אַוועק צום רבי׳ן און גענומען וויינען:

— רבי, וואָס האָט איר געהאַט צו מיר?... איך בין דאָך פריער געווען אַ קייסער! די דריי מזיקים האָבן דאָך געמאַכט אַ חורבן פון

מיך שטוב! וואָס זאָל איך איצט טאָן?

— ביסט, זאָגסטו, פריער געווען אַ קייסער? טאָ גיי אַהיים, לאָז אַרויס די ציג, דעם האָן און די קאַץ און ווער צוריק אַ קייסער! — האָט דער רבי געענטפערט.

## ער רופט מיך שוין עליע?...

אליהו הנביא איז אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין וואַלד. ווען ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט האָט נאָך אויסגעבראָכן אַ שטורעם. איז ער געגאַנגען און ניט געוואוסט אַוואו ער גייט. ביז ער האָט דערזען פונ־וויטן אַ שיין פון אַ ליכט... איז ער אַזוי לאַנג געגאַנגען ביז ער איז צוגעקומען צו אַ קרעטשמע און אָנגעקלאַפּט.

— ווער איז עס דאָרט אַזוי שפּעט? — האָט דער אַרענדאַר אויס־געשריען.

— איך, אליהו הנביא.

דערהערט דעם נאָמען, האָט דער באַלעבאָס ברייט געעפנט די טיר און אַריינגעלאָזט דעם דערפרוירענעם גאַסט. ער האָט אויפגעוועקט ס'ווייב, אַז זי זאָל אויפשטעלן דעם סאַמאָוואַר און אויך אָפּקאָכן אַ וואַרעם געקעכץ פאַרן טייערן גאַסט. מ'האָט דעם גאַסט אויך אָנגעגעבן ס'וואַרעמע בעט, און אַליין זיך געלייגט שלאָפן אויף דר'ערד...

דעם ערשטן טאָג און דעם צווייטן טאָג האָט דער אַרענדאַר נאָך גערופן דעם גאַסט ר' אליהו הנביא... דעם דריטן טאָג האָט ער אים געקלאַפּט אין פּלייצע און גערופן בלויז „עליע"...

— ער רופט מיך שוין „עליע"... — האָט דער גאַסט געטראַכט, — איז שוין צייט צו פאָרן אַהיים...

## ער איז פון חתנ'ס צד

ביי די קריסטן פירט זיך, אַז ווען אַ מיידל טרעט אַריין אין אַ מאָ־נאַסטיר און וויל ווערן אַ מאָנאַשקע, פראַוועט מען אַ חתונה. מען טוט אָן דעם מיידל אַ ווייסע כלה־קלייד מיט אַ גאַליאָנדרע. דאָס מיינט, אַז זי האָט חתונה פאַר יעזוסן.

ביי אַזאַ צערעמאָניע האָט איינע פון די נאָנעס באַמערקט, ווי אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ איד. פרעגט זי אים: — ווער ביסטו?

פרעגט ער זי: — און ווער ביסטו?
ענטפערט זי: — איך בין פון די היליקע מוטערס.
— און איך בין דאָ פון חתנ׳ס צד, — האָט דער איד געענטפערט.

## אַ גוטע עצה...

אַ סוחר האָט אין אַ פרעמדער שטאָט דערזען אַן אויפשריפט: „דאָ וואַרפט מען גורל אויף דער האַנט“.

איז דער סוחר אַריין אינעווייניק און געפונען אַ פרוי אָנגעטאָן ווי אַ ציגיינערין... זי האָט גענומען זיין האַנט, געשטודירט די אָדערן און גענומען אים זאָגן, וואָס ס׳וועט מיט אים פּאַסירן:

— איר זענט אַ סוחר, און זענט געקומען קויפן סחורה פאַר טויזנט רובל; וועט איר די סחורה פאַרקויפן, באַצאָלן אייער חוב, וועט מען אייך אַ צווייטן מאָל געבן קרעדיט אויף צוויי טויזנט רובל! איר וועט דאָס מאָל אויך פאַרדינען אין דער סחורה און באַצאָלן. אַ דריטן מאָל וועט מען אייך שוין געבן קרעדיט אויף פינף טויזנט רובל! דאָס מאָל וועט איר פאַרקויפן די סחורה, באַנקראָטירן און אַנטלויפן קיין אַמעריקע...

סוחר: — איך האָב פון דעם אפילו ניט געטראַכט, אָבער אַן עצה איז דאָס זייער אַ גוטע!...

## פאַרוואָס ער שניידט די נעגל נאָכן מרחץ

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט זיין רבי׳ן: — וואָס איז דער שכל, וואָס איר שניידט די נעגל נאָכן מרחץ, און ניט פריער?

— ס׳איז אַ טיפער סוד דערביי, — האָט געענטפערט דער רבי. — דו דאַרפסט פאַסטן דריי טעג, איידער איך וועל פאַר דיר קאָנען אַנט־פלעקן דעם סוד...

איז אַוועק דער חסיד, אָפּגעפאַסט דריי טעג און געקומען צום רבי׳ן אינגאַנצן אָפּגעצערטער און פאַרלאַנגט, אַז דער רבי זאָל אים פאַר־טרויען דעם סוד. און דער רבי האָט אים צוליב געטאָן:

— איך שנייד מיינע נעגל נאָכן מרחץ, ווייל דעמאָלט זיינען זיי ווייכער און גרינגער צום שניידן...

## זאָל ער זאָרגן...

ס'איז שוין געווען זייער שפּעט ביינאַכט, ווען די פרוי האָט דער־הערט אין שלאָף, ווי איר מאַן וואַרפט זיך אין צווייטן בעט און לאָזט אַלע ווײַלע אַרויס אַ שווערן זיפץ. האָט זי מיט שרעק געפרעגט:

— משה, פאַרוואָס שלאָפסטו ניט?

— איך דאַרף מאָרגן געבן בעני'ן דריי הונדערט דאָלער און איך האָב אפילו ניט קיין דריי סענט... — האָט דער מאַן געענטפערט.

— אויב אַזוי, — זאָגט ס'ווײַב, — שטיי־אויף און רוף־אָפּ בעני'ן און זאָג אים, אַז דו האָסט ניט דעם חוב אים אָפּצוגעבן... און זאָל ער זיך וואַרפן און זיפצן, און דו וועסט זיך לייגן שלאָפן...

## נאָך ערגער פון אַ טרינקער

אַ פאָטער האָט געהאַט אַ זייער געראָטענע טאָכטער, האָט ער געלאָזט וויסן שדכנים, אַז ער וויל אַן איידעם אַ זיקדוענעם יונגנמאַנטשיק. איז ווען דער שדכן האָט געבראַכט אַ חתן, האָט דער מחותן צום ערשטן געשטעלט לעקאַך און בראָנפן צום טיש. איז אויב דער בחור האָט גענומען טרינקען איין גלעזל נאָכן אַנדערן, האָט דער פאָטער זיך געשראָקן, אַז דער חתן איז אַ שיכור... אָט אַזוי האָט ער אויסגעפּרובירט יעדן חתן, צי ער איז אַ שיכור...

איינמאָל האָט דער שדכן געבראַכט אַ חתן און אים אָנגעזאָגט, אַז ווען ער וועט זען משקה אויפן טיש, זאָל ער זיך ניט צורירן צו דעם, ווייל דער מחותן שרעקט זיך פאַר אַ שיכור. דער חתן האָט דאָס גוט איינגעזען געהאַט. האָט ער טאַקע ניט געטרונקען. ער האָט אָבער זיך אָנגעגעסן איין גלעזל נאָכן אַנדערן און אויסגעטונקען מיט לעקאַך... אויף מאָרגן האָט דער מחותן געזאָגט צום שדכן:

— דער חתן געפעלט מיר ניט פאַר מיין טאָכטער...

— ער איז דאָך ניט קיין טרינקער! — האָט דער שדכן גע'טענה'ט.

— ער איז אָבער אַ טינקער, און אַ טינקער איז נאָך ערגער פון אַ טרינקער...

## ער אויך...

אַ שדכן האָט זיך אַמאָל אָנגעזעצט אויף אַ בחור, וואָס האָט ניט געוואָלט חתונה האָבן.

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי איינגעשפּאַרט? — האָט דער שדכן אָנגעהויבן, — שטעל זיך פאָר, אַז דו האָסט אַ ווייב, אַ שיינע, אַ קלוגע, אַן איידעלע, וואָס איז דיר געטריי, ווי אַ מאַמע, היט־אָפּ דיין יעדן פאַרהאָרעוועטן סענט, קאָכט פאַר דיר מאכלים׳לעך וואָס דו האָסט ליב, לאָזט צו דיר ניט צו קיין זאָרג. און ווען דו קומסט פון אַ טאָג אַרבעט אַהיים איז דער טיש געגרייט ווי פאַר אַ מלך. און זי אַליין, אַזאַ ליבינקע, באַגעגנט דיך מיט אַ פריינטלעך וואָרט, מיט אַ לאַסקע, אַז ס׳ווערט דיר עפּעס אַזוי גוט אויפן האַרצן...

— זעט איר, אַזאַ ווייב וואָלט איך שוין גאָר געוואָלט! — זאָגט דער בחור.

— איך אויך! — ענטפערט דער שדכן.

## דער „בעסט מען“

אין אַ באַן קיין שיקאַגאָ איז דער קאָנדוקטאָר צוגעגאַנגען צו אַן אַלטן אידן און געבעטן דעם בילעט.

— איך האָב ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן אַ בילעט, — האָט זיך געבעטן דער אַלטער, — איך פאָר צו מיין זון אויף דער חתונה. טאָ לאָז מיך דורך...

האָט דער קאָנדוקטאָר געהאַט מיטן פאָטער מיטלייד און אים אָפּגעלאָזט. אָבער באַלד האָט ער דערזען נאָך אַן עלטערן אידן, וואָס זוכט זיך אויך אַרויסצודרייען אָן אַ בילעט.

— און וואו איז דיין בילעט? — האָט דער קאָנדוקטאָר אַ מונטער געטאָן דעם צווייטן אידן.

— איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין זון׳ס חתונה צו זיין דער „בעסט מען“. — האָט דער איד געענטפערט שטאָלץ, אָנווייזנדיק אויפן אַלטן מאַן.

## אַ דיעטע פון אייזן

אַ מאַן איז געקומען פון דאָקטאָר, וואו ער האָט געקראָגן אַן אונטערזוכונג.

— נו, וואָס האָט דער דאָקטאָר דיר געזאָגט? — פרעגט אים זיין ווייב.

— ער האָט מיר געהייסן זיין אויף אַ דיעטע פון אייזן, — האָט דער

מאַן געענטפערט, — איז אפשר וואָלסטו ווידער אָנגעהויבן באַקן דיינע אַמאָליקע קיכעלעך?...

## געשלאָפן אויף זיין באָבע׳ס פּערערן

אויף אַ פאַרם האָט זיך אַ באָרדער געווענדט צום פאַרמער:

— וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַ פּלאַץ? אַ גאַנצע נאַכט ניט גע־קאָנט אַן אויג צומאַכן. פריער האָט די בהמה געבעוועט, און פאַרטאָג האָט זיך דער האָן צעקרייט, ווי איך וואָלט ביי אים צוגענומען זיין באָבעס ירושה...

— דער האָן איז גערעכט. איר שלאָפט טאַקע אויף זיין באָבעס פּע־דערן... — האָט דער פאַרמער געזאָגט.

## ווען אַ מאַן גייט אַוועק אָן אַ זייט

פרעגט איין איד אַ צווייטן:

— זאָגט מיר, פאַרוואָס האָט גאָט פריער באַשאַפן אדמ׳ען און פון זיין זייט באַשאַפן חוה׳ן?

— גאָר פּשוט, — ענטפערט דער צווייטער איד, — ווען אַ מאַן גייט אַוועק אָן אַ זייט, איז גאָר ניט; אָבער ווען אַ פרוי גייט אַוועק אָן אַ זייט — איז צרות...

## צו אַלט...

אַ רייכע פרוי איז אַמאָל געגאַנגען צו אַ קונסט־אויסשטעלונג און געקויפט אַ גרויס קאָסטבאַר בילד. געקומען אַהיים, אויפגעהאַנגען דאָס בילד אויף דער וואַנט, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז צו אַזאַ בילד וואָלט זיך געפּאַסט נייע מעבל. האָט זי פאַרקויפט דאָס אַלטע מעבל און געקויפט נייע... אויסגעשטעלט דאָס נייע מעבל, האָט זי געזען, אַז די שטוב איז צו אַלט. האָט זי פאַרקויפט די אַלטע שטוב און געקויפט אַ נייע.... איצט, אַז זי האָט שוין געהאַט אַ קונסטווערק אין הויז, נייע מעבל און אַ נייע הויז, האָט זי זיך אַרומגעקוקט, אַז דער מאַן איז צו אַלט... האָט זי אָפּ־געג׳גט דעם אַלטן מאַן און חתונה געהאַט מיט אַ יונגן... ווען דער יונ־גער מאַן האָט באַטראַכט די נייע היים מיטן נייעם מעבל, האָט ער ערשט דערזען, אַז ס׳ווייב איז אים צו אַלט...

## ער קאָן זיך באַגיין אָן באָרדערס

אַן אַגענט פון ביכער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. עפנט דער באַ־לעבאָס און פרעגט:

— וואָס קאָן איך טאָן פאַר אייך?

— שלום־עליכם?

— עליכם שלום! — ענטפערט דער באַלעבאָס.

— שלום עליכם איז דאָ ביי אייך?

— ניין! — ענטפערט דער באַלעבאָס.

— מענדעלע?

— ניין!

— פרץ?

— ניין!

— וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַ שטוב?

— פאַרשטייט איר, — ענטפערט דער באַלעבאָס, — איך מאַך, דאַנ־קען גאָט, אַ שיין לעבן און מיין ווייב קאָן זיך באַגיין אָן באָרדערס...

## אויפן רוח איז דאָ

אַ אידענע איז געקומען צום רבי׳ן און זיך באַקלאָגט, אַז זי האָט ניט פונוואַנען אַ טאָג איבערצולעבן. אַ פינצטערע אלמנה, מיט קליינע קינדער, און דער מאַן איז ביי איר געשטאָרבן, ווייל זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס אים צו ראַטעווען.

— איז וואו האָט איר געגומען אַ קערבל מיר צו געבן? — האָט דער רבי געפרעגט.

— אויפן רוח געפינט זיך! — האָט די אידענע געענטפערט.

## ער טראַכט ניט פונעם געלט

אין אַ שטעטל איז געקומען אַ קונצן־מאַכער. האָט ער געלאָזט וויסן דעם עולם, אַז ער וועט איבערציען אַ שטריק איבערן טייך און וועט גיין אויפן שטריק אַהין און צוריק. אָבער פריער דאַרף יעדערער, וואָס וויל זען דעם וואונדער, אים געבן צען קאָפּיקעס.

האָט יעדערער פונעם גרויסן עולם איינגעצאָלט צען קאָפּיקעס. דער

קונצן־מאַכער האָט טאַקע באַוויזן וואונדער.

ווען ער האָט צוויי מאָל דורכגעשפּרייזט דעם טייך אויפן שטריק, האָט אים איינער געפרעגט:

— וואָס איז דער שכל, וואָס צוליב די עטלעכע רובל שטעלט איר איין אייער לעבן? דער טייך איז זייער אַ טיפער און ווען איר פאַלט, חלילה, אַראָפּ פון שטריק ווערט איר דערטרונקען.

— איר האָט אַ טעות, — האָט דער קונצן־מאַכער געענטפערט, — ווען איך גיי אויפן שטריק האָב איך גאָרניט אינזינען ס׳געלט... וואָרום, ווען איך וואָלט געטראַכט וועגן געלט, וואָלט איך זיכער אַראָפּגעפאַלן, ס׳איז צוליב דער קונסט, וואָס איך שטעל־איין מיין לעבן...

## אַן איינפאַל פון אַ מויד

אַ שיין און קלוג מיידל האָט געהאַט פיר פאַרהערער, און יעדער פון די פיר האָט מיט איר געוואָלט חתונה האָבן. האָט זי איינגעלאַדן די יונגע לייט צו זיך אין הויז און זיי פאָרגעשלאָגן, אַז יעדערער זאָל זיך מוחה זיין אין אַ פאַרברעכן, וואָס ער איז אַמאָל באַגאַנגען, און וועמענס פאַרברעכן ס׳וועט זיין דער גרעסטער, מיט דעם וועט זי חתונה האָבן...

האָט איינער דערציילט אַז ער איז אַמאָל געלאָפן אַזוי שנעל מיט זיין אויטאָמאָביל, אַז ער איז איבערגעפאָרן אַ קינד אויף טויט, און ביז היינט ווייסט נאָך קיינער ניט, ווער דער מערדער איז געווען...

דער צווייטער, אַ דאָקטאָר, האָט דערציילט, אַז ער האָט דערפונדן אַ סערום און האָט עס אויסגעפּרובירט אויף זיינער אַ פּאַציענטקע; אין צוויי טעג אַרום איז זי געשטאָרבן, און קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער איר מלאך־המות איז געווען...

דער דריטער בחור, אַ שרייבער, האָט איבערגעגעבן, אַז ער האָט געהאַט אַ פריינט, אַ באַרימטן שרייבער, איז ער איינמאָל זייער קראַנק געוואָרן און אויפן טויטן בעט האָט ער פאַרענדיקט אַ מאַנוסקריפּט און דאָס אַרונטערגערוקט אונטערן קישן. ווען יענער איז געשטאָרבן, האָט ער, דער בחור, גענומען דעם מאַנוסקריפּט, איבערגעשריבן אין זיין אייגענער האַנטשריפט און דאָס איבערגעגעבן אין אַ רעדאַקציע... פון דער נאָוועלע איז ער געוואָרן באַרימט, און ס׳איז שוין יאָרן ווי מען דרוקט אים — וואָס ער זאָל ניט אָנשרייבן, דרוקט מען...

דער פערטער פאַרערער האָט געבעטן אַנטשולדיקונג, ער מוז זיך אַרונטערכאַפּן צו טעלעפאָנירן אַהיים. ער וועט באַלד אַרויפקומען און זיך מוחה זיין אין זיין פאַרברעכן... אין אַ פּאָר מינוט איז ער צוריק אַרויף

מיט פּאָליציי און איבערגעגעבן די דריי פּאַרברעכער...
דאָס מיידל האָט חתונה געהאַט מיטן פערטן בחור...

# ער וויל כבוד

ווען איך בין געווען אַ אינגל פון אַ יאָר צען האָב איך ניט געוואָלט גיין אין חדר. אַלע טאָג פלעגט קומען דער באַהעלפער, אַ יונג אַ ריז, און מיך שלעפּן אין חדר, ווי איך וואָלט געווען אַ פערד. איינמאָל, ווען מיין טאַטע האָט צוגעזען, ווי דער באַהעלפער שלעפּט מיך איבער דער גאַס, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— בערעלע, מעגסט זיך שעמען! אַזאַ קלוג אינגל ווי דו, וואָלסט אַליין געדאַרפט לויפן אין חדר צו לערנען תורה...

— יאָ, טאַטע, — זאָג איך, — ווען ס׳איז אין שטעטל אַ חתונה, קומט דער שמש, שטייט ביי דער טיר און זאָגט צו דיר: ר׳ שלמה, דער מחותן מיט דער מחותנת׳טע האָבן אייך געבעטן, אַז איר זאָלט זיי אָנטאָן דעם כבוד און קומען צו זייער טאָכטערס חתונה". אָבער דער באַהעלפער קומט אַריין ווי אַ גזלן: „בערל, קום אין חדר!"...

אויף מאָרגן, איז שוין דער באַהעלפער אַריינגעקומען צו אונדז אין הויז, געבליבן שטיין ביי דער טיר און שטיל און איידל אַ זאָג־געטאָן:

— בערעלע, דער רבי מיט דער רבי׳צין האָבן דיך געבעטן, זאָלסט זיי אָנטאָן דעם כבוד און קומען אין חדר.

— אָט אַזוי רעד! — האָב איך געענטפערט און אים נאָכגעגאַנגען...

# געזוכט און געפונען...

אַ מלמד האָט זיך אַמאָל אַליין געפרעגט:

— וואָס איז לעבן?... לערנען מיט אינגלעך, פאַרשטאָפּטע קעפּ, און זיך אויפעסן ס׳האַרץ, איז ניט קיין לעבן... עסן טרוקן ברויט מיט הערינג — איז אויך ניט קיין לעבן... האָבן אַ אידענע, וואָס הויבט שוין אָן מיטוואָך פּיקן אין קאָפּ אַריין, כ׳זאָל איר געבן אויף שבת, איז אַוודאי ניט קיין לעבן!...

האָט דער מלמד אַריינגעשטעקט אַלע פינף פינגער אין זיין געדיכ־טער באָרד און גענומען זוכן לעבן. און אַז מ׳זוכט — געפינט מען...

## מ׳דרייט זיך

איין פאָטער פרעגט ביי אַ צווייטן:
— וואָס מאַכט עפּעס דיין טשאַרלי?
— ער דרייט זיך.
— און סעם?
— סעם האָט זיך גוט אַריינגעדרייט.
— און דזשעק?
— זעסטו, דזשעק האָט זיך אַרויסגעדרייט...

## וואָס עס האַלט אים אויף די פיס

מען האָט געפרעגט דעם גבאי פון שול:
— ווי אַזוי קאָן אייער רב לעבן פון די קליינע שכירות, וואָס ער קריגט ביי אייך?
— ער וואָלט טאַקע ניט געקאָנט אויסקומען, ווען ניט דאָס פאַסטן וואָס ער פאַסט דריי טעג אין וואָך. דאָס האַלט אים אויף די פיס...

## צו וואָס זאָל נאָך דער ריכטער אויך וויסן?

אַ בחור האָט אָנגעקלאָגט זיין שוואָגער, אַז ער האָט ביי אים געליען הונדערט דאָלער און וויל אים ניט אָפּגעבן. דער שוואָגער האָט געלייקנט און געזאָגט, אַז דאָס איז אַ בילבול, אַ ריינער בילבול. האָט דער ריכטער אַרויסגעוואָרפן די קלאַגע.
— ווי האָסטו זיך ניט געשעמט צו לייקענען פאַרן ריכטער, אַז דו קומסט מיר ס׳געלט?
— ס׳איז גענוג, אַז איך ווייס און דו ווייסט, צו וואָס דאַרף נאָך דער ריכטער אויך וויסן? — האָט גע׳טענה׳ט דער שולדיקער.

## וואָס בין איך?

איינער האָט זיך אַמאָל געווענדט צו זיין פריינט, אַ הומאָריסט:
— איך בין דיר אַזוי מקנא. ווי נאָר דו קומסט אַריין צווישן מענטשן, גיסטו עפּעס אַ זאָג און מ׳לאַכט שוין! איך וואָלט אַמאָל געוואָלט האָבן אָט־די פרייד פון מאַכן מענטשן לאַכן. לערן מיך עפּעס אויס.
— גוט, — זאָגט דער הומאָריסט, — ווען דו וועסט אַריינקומען

אין אַ געזעלשאַפט, רופט־אויס: „טרעפט וואָס איך בין?" וועט מען ענט־פערן: „ביסט אַ דזשענטלמאַן!"

— ניט געטראָפן.

— אַ לייטישער מענטש!

— ניט געטראָפן.

— „וואָס־זשע ביסטו?", וועט מען דיך פרעגן. וועסטו ענטפערן: „איך בין הונגעריק", וועלן אַלע זיך צעלאַכן.

געקומען אַהיים, רופט זיך אָן דער מאַן צום ווייב:

— סערע, טרעף וואָס איך בין.

זי: אַ שלימזל.

ער: ניט געטראָפן.

זי: אַן אָפּגעלאָזטע בריה.

ער: ניט געטראָפן.

זי: טאָ וואָס דען ביסטו?

ער: איך וויל עסן....

## די מגפה

אין אַ שטעטל האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה. און אַלע טאָג זיינען יונג און אַלט געפאַלן ווי די פליגן. האָט דער רב געזאָגט, אַז ניט אַנדערש, נאָר אַז אין שטעטל געפינט זיך אַן אשת־איש. האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט זוכן און מ׳האָט געפאַקט אַ בחור, וואָס פלעגט באַזוכן אַ ווייבל, ווען איר מאַן איז ניט געווען אין דער היים... האָט מען דעם בחור געפירט אי־בער דער שטאָט מיט זידלערייען, און קינדער האָבן אויף אים געוואָרפן שטיינער. האָט ער אויסגעשריען צו די קינדער:

— ממזרים, וואָס איר זייט! הערט־אויף וואַרפן אויף מיר שטיי־נער, אַניט גיי איך אַריין צום ווייבל, וועט איר ביי מיר פאַלן ווי די פליגן...

## דער ווינט און די ביימער

אַמאָל איז אַ ווינט געקומען צוגאַסט אין אַ געדיכטן וואַלד. האָט יע־דערער פון די ביימער זיך געפלייסט צו דערציילן דעם גאַסט אַלערליי סקאַנדאַלן און אינטריגעס, וואָס קומען־פאָר צווישן איין בוים און אַ צווייטן,

און זיך אַליין האָט יעדערער פאָרגעשטעלט ווי אַן אויסנאַם, ווי אַ מוסטער פון פיינקייט...

אויסגעהערט אַלע רכילות׳ן, איז דער ווינט אַוועקגעפלויגן און האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ שיינעם סאַד. אַ גרויסער בוים מיט רייפע, רויטע עפּל, אַזוי שווער אָנגעלאָדן, אַז עס האָט אים אַזש געבויגן צו דר׳ערד, האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון ווינט.

— איך קום ערשט פון וואַלד, — האָט זיך דער ווינט געווענדט צום בוים, — וואו איך האָב זיך אָנגעהערט אָן אַ שיעור אינטריגעס און סקאַנדאַלן. האָסטו ניט אַמאָל אויך פאַר מיר עפּעס אַ רכילות׳ל צו דער־ציילן פון דיינע שכנים?

דער עפּלבוים האָט מיט שטאָלץ אַ הויב־געטאָן דעם קאָפּ און גע־ענטפערט:

— איך בין צו־פאַרנומען מיט מיינע פירות און האָב קיין צייט ניט צו זוכן אימיצנס עבירות...

# ווער דאַרף אַן אייזל אין פילאַדעלפיע?

זיצן צוויי פרויען אין מיאַמי־ביטש און באַקן זיך אויף דער זון. רופט זיך אָן איינע:

— ווי וואונדערבאַר דאָ איז! און מיין מאַן אַרבעט אין ניו־יאָרק נעבעך, ווי אַן אייזל...

צווייטע פרוי: — פאַרוואָס קומט אייער מאַן אויך ניט מיט אייך קיין מיאַמי?

ערשטע פרוי: — ווער דאַרף אין מיאַמי אַן אייזל?

# די ריכטיקע מיסיע...

אַן אייזל האָט זיך אַמאָל אַרויסגעכאַפּט פון שטאַל און אַרויס דורך אַן אָפענעם טויער. און ווען ער האָט דערזען אויף די גאַסן, ווי אַלץ גייט אויף רעדלעך, איז ער אַ פאַרצווייפלטער געקומען צוריק אין שטאַל און אויסגעשריען צו זיינע חברים אייזלען:

— ברידער, מיר זיינען פאַרלאָרן! די מענטשן האָבן אויסגעטראַכט פאַרשיידענע אויטאָמאָבילן, וועגענער, און אונדז דאַרף מען מער ניט! וואָרום ווען מיר פלעגן פירן די מענטשן און זייערע פעק אין וועג, האָט

מען אויף אונדז אַכטונג געגעבן. אָבער איצט, אַז די מענטשן נויטיקן זיך מער ניט אין אונדז, מיינט עס אונדזער ירידה!...

האָט אַן אַנדער אייזל פאָרגעשלאָגן:

— לאָמיר שיקן אַ דעלעגאַציע צו גאָט און פרעגן ביי אים, וואָס מיר זאָלן טאָן...

איז די דעלעגאַציע געקומען צו גאָט מיט אַ טענה:

— דו, גאָט, ביזט אונדזער באַשעפער! ביז איצט איז געווען אונדזער מיכיע צו פירן די מענטשן אין וועג, און איצט, אַז זיי דאַרפן אונדז מער ניט, גיב אונדז אַן אַנדער מיסיע אויף דער ערד.

האָט גאָט געטראַכט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ פּלאַן און ער האָט זיך אָנגערופן:

— מיינע ליבע אייזלען! אַזוי ווי פריער פלעגט איר פירן די מענטשן אין וועג, וועט איר פון היינט אָן ווערן זייערע פירער אין די סאָסאַיעטיס און זייערע פּאָרזיצערס.

האָבן זיך די אייזלען זייער דערפרייט מיט דער נייער מיסיע און זיינען באַלד געוואָרן די פירער און פּאָרזיצערס פון סאָסאַיעטיס, און פון דעמאָלט אָן האַלטן זיי זיך אין איין מערן...

## בלויז צוויי ווערטער

אין אַ שטעטל אין דער אַלטער היים האָט מען אויסגעבויט אַ נייע שול. מיטאַמאָל קומט אָן אַ פּאָוויעסטקע, אַז מען דאַרף די שול אַרונטערוואַרפן, ווייל זי איז געבויט אויף אַ שטיק ערד, וואָס באַלאַנגט צום פריץ.

האָט מען געשיקט אַ פּראָשעניע צום גובערנאַטאָר, אַז ער זאָל צולאָזן צוויי דעלעגאַטן, וואָס זאָלן קאָנען פּאַרט־ידיקן די שול.

האָט דער גובערנאַטאָר געענטפערט, אַז ער וועט צולאָזן בלויז איין פּאַרטרעטער, נאָר דער איינער זאָל זאָגן בלויז צוויי ווערטער...

האָט קיינער ניט געוואָלט אָננעמען, וואָרום, וואָס קאָן מען זאָגן אין צוויי ווערטער? האָט זיך געפונען אַ ליטוואַק, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער וועט אָננעמען, אויב מען וועט אים נאָר געבן דריי הונדערט רובל — טאָמער מאַכט זיך, אַז דער אַדון איז אַזאַ, וואָס נעמט...

האָט מען זיך צוזאַמענגעלייגט און געגעבן דעם ליטוואַק דריי הונדערט רובל... און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז צוריקגעקומען דער ליטוואַק מיט אַן אונטערגעשריבענעם פּאַפּיר, אַז די שול קאָן בלייבן שטיין...

פרעגט מען דעם ליטוואַק:

— ווי אַזוי האָסטו געקאָנט פּועל׳ן ביים גובערנאַטאָר אין צוויי וואָר־טער, אַז די שול זאָל בלייבן שטיין?

— גאָר פּשוט, — זאָגט דער ליטוואַק, — איך האָב פאַרן גובערנאַ־טאָר אויסגעלייגט די דריי הונדערט רובל און אַ זאָג געטאָן: „בעריטיע פּאָזשאַלויסטאַ”, האָט ער מיר גלייך אונטערגעשריבן דאָס פּאַפּיר...

# אַ חכם אַ איד

איין איד פרעגט ביים צווייטן:

— פאַרוואָס האָבן מיר ביים דאַווענען צוויי „יקום פורקנ׳ס”?

— כדי טאָמער ווערט איינער פאַרפאַלן.

— האָבן מיר דאָך אָבער נאָר איין „מי שברך”?

— מיר האָבן טאַקע געהאַט צוויי, איז איינער פאַרפאַלן געוואָרן, — האָט געענטפערט דער צווייטער איד.

# די צוויי סאָלדאַטן

אין אַ שפּיטאָל זיינען געלעגן צוויי סאָלדאַטן. יעדערער האָט געהאַט אַן אָפּגעפרוירענעם פוס. יעדן טאָג פלעגט אַ נוירס מאַסאַזשירן איינעם דעם פוס און זיינע קולות האָבן געשפּאָלטן דעם הימל. איינמאָל האָט דער שרייער געפרעגט דעם צווייטן סאָלדאַט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק, ווען די נוירס מאַסאַזשירט מיין פוס זע איך פאַר זיך דעם טויט, און ווען זי מאַסאַזשירט דיר דעם פוס קוועלסטו ווי אַ באָקסער?

— דאָס איז, ווייל דו ביסט אַן אידיאָט! נעמסט אַ קראַנקן פוס און גיסט דער נוירס, אַז זי זאָל אים רייבן. איך גיב איר דעם געזונטן פוס...

# זאָל ער נאָר חתונה האָבן...

ערשטע מאַמע: איר מעגט מיר אָפּגעבן מזל־טוב! מיין טאָכטער איז אַ כלה געוואָרן, און נעמט אַ חתן, אַחוץ איר שאָדן אויף אַלע אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן. ער האָט בלויז איין חסרון: ער רעדט נאָר לשון־קודש.

צווייטע מאַמע: דאָס איז גאָר ניט. זאָל ער נאָר חתונה האָבן, וועט ער שוין רעדן ווי אַ מענטש...

# געגעסן מאַן

אַן אַלט פּאָרפאָלק האָט געפייערט זייער גאָלדענע חתונה. האָט מען ביי דער פייערונג אַרויסגערופן דעם אַלטיטשקן, אַז ער זאָל עפּעס זאָגן וועגן זיין פרוי — אָפּגעלעבט מיט אַ מענטשן פופציק יאָר...

האָט זיך דער אַלטער אַוועקגעשטעלט און אָנגעהויבן:

— מיינע פריינדע! זיך נעמען לויבן ס׳אייגענע ווייב, האָט דאָך ניט קיין זין. איך קאָן אייך נאָר זאָגן, אַז זי שטייגט נאָך איבער די אידן אין דער מדבר. די אידן אין דער מדבר האָבן פערציק יאָר געגעסן מן און זי עסט שוין גאַנצע פופציק יאָר...

# נעבעך...

אין אַ תפיסה איז אַמאָל אַריינגעקומען אַ אידענע באַזוכן איר מאַן. פרעגט זי אַ צווייטן אַרעסטאַנט:

— פאַרוואָס זיצט איר אין טורמע?

— איך האָב דערוואָרגן מיין שוויגער.

— נעבעך, צוליב אַ שוויגער זעצט מען אַריין אַ מענטשן אין טורמע.

— און פאַרוואָס זיצט איר? — האָט די אידענע געפרעגט אַ צווייטן אַרעסטאַנט.

— צוליב אַ פאַלשן טשעק.

— נעבעך, צוליב אַ שטיקל פּאַפּיר זעצט מען איין אַ מענטשן...

— פאַרוואָס האָט מען אייך אַריינגעזעצט אין טורמע? — האָט אַ אידענע געפרעגט אַ דריטן אַרעסטאַנט.

— ווייל איך האָב אַ שוואַכקייט צו גנב׳ענען פיאַנעס.

— וויי איז מיר! וואָס וואָלט איר שוין גע׳גנב׳עט, ווען איר זענט אַ געזונטער מענטש? — האָט די אידענע פאַרבראָכן מיט די הענט.

# געוואָרן אַ שידוך

— מרס. סילווער, גיט מיר אָפּ מזל־טוב! מיין מיידל איז אַ כלה געוואָרן.

— מזל־טוב אייך! מיך וואונדערט נאָר ווי אַזוי אייער מיידל האָט געקאָנט קריגן אַ חתן. אַזאַ שטילינקע, אַזאַ שעמעוודיקע...

ערשטע מאַמע: — ס'איז געווען אַזוי: זיי זיינען געזעסן אין סאָב־וועי. ער האָט ניט געקוקט אויף איר, זי האָט ניט געקוקט אויף אים; ער האָט געשוויגן, זי האָט געשוויגן. אָט אַזוי, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און ס'איז מיט מזל געוואָרן אַ שידוך...

## זי וועט קאָנען...

אויפן הייליקן אָרט איז געזעסן אַ יונגע, שיינע פרוי לעבן אַ מצבה און ביטער געוויינט. לעבן אַ צווייטער מצבה איז געזעסן אַ יונגער, שיינער מאַן און אויך געוויינט. פרעגט ער די פרוי:

— וועמען באַוויינט איר?

— מיין גאָטזעליקן מאַן. און איר?

— מיין גאָטזעליקע פרוי.

— ווי לאַנג? — פרעגט זי.

ער: — נאָך איין מאָנאַט וועט זיין די מצבה־אויפדעקונג. איר וועט קאָנען צוואַרטן? — האָט דער מאַן געפרעגט.

## גיי ווייס...

חסיד: רבי לעבן, אַז איר האָט געגעסן האָב איך באַמערקט, ווי איר זייט פלוצלונג געוואָרן זייער טרויעריק, און אין אַ מינוט אַרום זייער פריילעך! וואָס באַדייט דאָס?

רבי: איך בין געווען אין גן־עדן, האָב איך דאָרטן דערזען מיין טאַטן, אויסגעדאַרט, קראַנק, צעבראָכן, בין איך געוואָרן זייער טרויעריק. אָבער באַלד איז צוגעקומען מיין מאַמע און מיר געזאָגט, אַז דאָס איז גאָרניט געווען מיין טאַטע... בין איך געוואָרן פריילעך...

## גענומען דאָס ליבסטע

פאַרצייטן האָט געלעבט אַ רייכער איד. איין טאָג האָט ער זיך גע־וועגדט צו זיין פרוי און איר געזאָגט:

— היינט איז פונקט צען יאָר זינט מיר האָבן חתונה געהאַט, און אַזוי ווי קיין קינדער האָבן מיר ניט, טאָרן מיר ניט וואוינען אונטער איין דאַך. מוזטו זיך אומקערן צו דיין פאָטערס היים. דו קאָנסט אָבער נעמען פון אונדזער היים גאָלד, זילבער, בריליאַנטן, וואָס נאָר דיר איז אַמ־ליבסטן.

האָט די פרוי צוגעשטימט. זי האָט אָבער דעם מאַן געבעטן, איר דערלויבן צו מאַכן אַ סעודה פאַר זייערע פריינט איידער זיי צעשיידן זיך. האָט ער איר געגעבן די דערלויבעניש. האָט זי באַפוילן די דינער, אַז זיי זאָלן צוגרייטן אַ גרויסאַרטיקע סעודה מיט אַלערליי געטראַנקען.

ביי דער סעודה האָט דער מאַן געטרונקען זייער אַ סך. ער האָט געוואָלט פאַרטרינקען זיין צער. וואָרום ס׳האָט אים זייער וויי־געטאָן זיך שיידן מיט זיין פרוי, וועמען ער האָט זייער ליב געהאַט.

ווען די געסט זיינען זיך צעגאַנגען איז דער מאַן אַוועקגעפאַלן ווי אַ טויטער. האָט די פרוי באַפוילן די דינער דעם מאַן איבערטראָגן צו איר פאָטערס הויז...

אינדערפרי, ווען דער מאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געפונען זיין פרוי זיצנדיק לעבן זיין בעט.

— ווי קום איך אין דיין פאָטערס הויז?... — האָט ער זי גע־פרעגט.

— דו האָסט מיר געזאָגט, אַז איידער מיר צעשיידן זיך קאָן איך נעמען פון אונדזער היים גאָלד, זילבער, בריליאַנטן, וואָס מיר איז אַמ־ליבסטן... האָב איך דיך גענומען.

דער מאַן האָט איצט באַגריפן, אַז אַזאַ ליבע פון אַ פרוי שטייט העכער פון אַלע דינים און מנהגים, און צוזאַמען האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייער היים. שפּעטער האָט די פרוי געבוירן איר מאַן אַ זון...

## דער שטיין און די ביימער

אין אַ געדיכטן וואַלד איז אַמאָל אָנגעקומען אַ שטורעמווינט און אָנגעהויבן שאָקלען די ביימער. איז געוואָרן אַ רעש, אַ טומל. רופט זיך אָן אַ שטיין, וואָס איז געווען איינגעגראָבן אין דר׳ערד:

— אַך, ווי איר רעש׳ט זיך און טומלט זיך, און אַלע זעקס מאָנאַטן בייט איר אייערע קליידער. אָט זייט איר גרין, און אָט זייט איר געל. ווען מיר וואָלט ניט געווען שווער, וואָלט איך פון אייך אַנטלאָפן, וואוהין די אויגן וואָלטן מיך געטראָגן.

— ס׳איז אמת, — האָט זיך אָנגערופן אַן אַלטער דעמב, — אַז מיר רעש׳ן זיך, און בייטן אונדזערע קליידער אַלע זעקס מאָנאַטן פון גרין אויף געל, און פון געל אויף גרין. דערפאַר איז אָבער אונדזער פּרינ־ציפּ צו וואַקסן. אָבער דו, שטיין, ליגסט איינגעגראָבן אין דר׳ערד און אַלץ וואָס דיר קומט־צו איז אַ ביסל שטויב...

## צו וואָס זאָל זי רעדן?

אַ פרוי איז געקומען צום רב זיך גט׳ן מיט איר מאַן. פרעגט זי דער שמש:

— פאַרוואָס ווילט איר זיך גט׳ן מיט אייער מאַן?

— דערפאַר, ווייל ער איז דאָך נאָך מיין מאַן, וויל איך ניט רעדן קיין שלעכטס קעגן אים, — האָט געענטפערט די פרוי.

ווען זי האָט שוין דעם מאַן אָפּגעג׳גט, פרעגט זי ווידער דער שמש:

— פאַרוואָס האָט איר זיך גע׳גט מיט אייער מאַן?

— אַ פרמעדער מאַן — וויל איך אויף אים ניט רעדן קיין שלעכטס...

— האָט די פרוי געענטפערט.

## אַ מתנה דעם טאַטן

אַן אַמעריקאַנער טאָכטער האָט געשיקט איר טאַטן אַ מתנה אויף קריסטמעס אַ נייעם טלית. צום טלית איז געווען צוגעטשעפּעט אַ צעטעלע אין ענגליש: „טו מאַי דיר פאַדער, מערי קריסטמעס ענד איי העפּי ניו יער“...

## ער איז דאָך שוין בלינד...

צו אַ באַרימטן בלינדן חזן איז אַמאָל געקומען אַ יונגערמאַן און זיך געבעטן:

— איך ווייל אַזוי ווערן אַ חזן, אַז עס גייט מיר אויס ס׳חיות. הערט מיך אויס.

— נו, גוט. זינג עפּעס.

האָט דער בחור גענומען זינגען איין ליד נאָכן אַנדערן, ביז דער חזן האָט אים אָפּגעשטעלט:

— יונגערמאַן, איך בין דאָך בלינד, הלוואי וואָלט איך שוין געווען טויב אויך...

# אַמאָל מוז ער דאָך רעדן

אַ פרוי, וואָס האָט קיינמאָל ניט געלאָזט איר מאַן רעדן אין אַ געזעל־שאַפט, פלעגט אַלעמאָל אים פאַרלויפן דעם וועג, ווען ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. איינמאָל, אין אַ פרימאָרגן, רופט זי זיך אָן:

— משה, האָסט די נאַכט עפּעס גערעדט פון שלאָף...

זאָגט דער מאַן:

— אַמאָל מוז איך דאָך רעדן!

— אָבער דו האָסט מיך אָנגערופן עפּעס גאָרניט מיט קיין שיינע נעמען...

— ווער איז דען געשלאָפן, ווער?! — האָט דער מאַן געענטפערט.

# ווייל זיך דערמאָנען

אַן אַלטע פרוי איז אַמאָל געקומען צום גלח זיך מתוודה זיין. פרעגט דער גלח:

— אין וואָס באַשטייט דיין זינד?

— איך בין פאַרבייגעגאַנגען דריי מאָל די קירך און זיך פאַרגעסן איבערצו׳צלמ׳ען.

— טאַקע אַ זינד. אָבער מער קיין זינד ביזטו ניט באַגאַנגען?

— ווען איך בין געווען אַ יונג מיידל איז אין אונדזער שטאָט איינ־געשטאַנען אַ פּאָלק סאָלדאַטן. האָב איך זיך באַקאַנט מיטן גענעראַל... האָט ער געהאַט צוויי ברענענדיקע אויגן, איז ווען ער האָט אויף מיר צום ערשטן מאָל אַ קוק געטאָן, האָט זיך ביי מיר עפּעס אָנגעצונדן אין האַרצן, וואָס גליט נאָך ביז איצט... און מיט אים, פאָטערל, האָב איך בלויז נאָר

איין מאָל געזינדיקט, און אויף מאָרגן האָט ער פאַרלאָזט די שטאָט מיט זיין קאָמאַנדע.

— האָסטו זיך נאָך קיין מאָל ניט מתוודה געווען?

— יאָ: שוין אַ סך מאָל זיך מתוודה געווען...

— טאָ וואָס האָסטו זיך איצט, אויף דער עלטער, ווידער דערמאָנט?

— ווייל דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער מאָמענט אין מיין לעבן... איז זייער אַנגענעם אין דעם זיך צו דערמאָנען...

## די צווייטע היראַט

— ווי גייט עס מיר אין דער צווייטער היראַט, פרעגסטו? אָ, ברודער, בין איך אַריינגעפאַלן! דאָס איז אַ אידענע אַ מרשעת, אַ פרא־אדם, אַן אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען...

יענע איז געווען אַ אידענע, וואָס מ׳קריגט זי ניט! אַ שטילע טויב, קיין הויך וואָרט האָב איך פון איר ניט געהערט, און געטריי, ווי אַ מאַמע, און דער — אַ גאַנצן טאָג מאַכט זיך איר ניט צו ס׳מויל. אָדער זי שרייט, אָדער זי שעלט, אַניט זידלט זי מיך. פרעג פאַרוואָס?

נאָר איין טאָג, ווען זי איז געווען קראַנק, איז געווען שטיל אין שטוב, גיי איך צו און פרעג זי:

— ברכה, ווילסט עפעס?

— יאָ! — זאָגט זי.

— וואָס ווילסטו? — פרעג איך זי.

— בלייבן אַן אלמנה, — האָט זי געענטפערט.

רוף איך זיך אָן צו איר:

— ווי קומט עס, וואָס יענע האָט געהייסן חיה און איז געווען אַ ברכה, און דו הייסט ברכה און ביסט אַ חיה?

## ס׳האָט זיך געדרודערט

אַמאָל האָט מען געוואוסט פון אַ לעבן צו זאָגן! למשל, מ׳האָט געדאַרפט פאָרן צום רבי׳ן אויף יום־טוב, וואָס פאַר אַ פרייד! אמת, מ׳איז ניט געפאָרן, מ׳איז געגאַנגען צופוס, און מ׳האָט זיך אויסגעוואַלגערט וואו אַ קרעטשמע. דערפאַר, ווען מען איז געקומען צום רבי׳ן, האָט מען געזונגען דעם רבי׳נס ניגון, געטאַנצט דעם רבי׳נס טאַנץ. אמת, מ׳איז

געגאַנגען זעקס וואָכן אין איין העמד, דערפאַר אָבער האָט זיך געװו־דערט !...

## אַ שיינער איד

אַ לאַנדסמאַן האָט געפרעגט ביי אַן ערשט אַריבערגעקומענעם פון זיין שטעטל:

— וואָס מאַכט עפּעס מיין פעטער חיים?

גרינער: ווי אַזוי זאָל איך וויסן, וועלכער ס׳איז אייער פעטער? קאַרג אידן הייסן ביי אונדז חיים? גיט מיר עפּעס אַ סימן.

לאַנדסמאַן: ער האָט רויטע אויגן.

גרינער: קאַרג אידן האָבן רויטע אויגן?

לאַנדסמאַן: ער זאַהיקעט זיך און ס׳שפּריצט ביי אים פון מויל.

גרינער: ביי אַ סך אידן שפּריצט פון מויל, ווען זיי ריידן. גיט מיר נאָך עפּעס אַ סימן.

לאַנדסמאַן: אַז ער רעדט, פינטלט ער מיט איין אויג.

גרינער: רויטע אויגן, ס׳שפּריצט אים פון מויל, ער זאַאהיקעט זיך, פינטלט מיט איין אויג ווען ער רעדט. איך ווייס ניט! גיט מיר נאָך איין סימן.

לאַנדסמאַן: ס׳קאַפּעט אים תמיד פון דער נאָז...

גרינער: אָט דער? אַ שיינער איד, זייער אַ שיינער איד!...

## די רופא׳טע

מיין מאַמע איז געווען אַ וואויל־קענעוודיקע, פלעגט וואַרפן גורל אויף תהילים. איינמאָל איז געקומען צו מיין מאַמען די רופא׳טע און געבעטן מיין מאַמען:

— רחל׳ע, וואַרפט מיר גורל און איך וועל אייך דערפאַר שטעלן באַנקעס...

## צו וואָס?...

אַ בעל־עגלה האָט אַמאָל געפירט אַ סוחר אין אַ שטעטל. דאָס פערדל האָט קוים געקאָנט שלעפּן די פיס. איז דער בעל־עגלה מיטן סוחר מער

געגאַנגען צופוס, ווי געפאָרן... רופט זיך אָן דער סוחר צום בעל־עגלה:

— ר׳ איד, זאָגט מיר, וואָס איז דער שכל, וואָס איר מאַטערט אייער אויסגעהונגערט פערדל. מילא, איך דאַרף אין שטאָט צוליב מיינע געשעפטן, איר דאַרפט פאָרן סדי צו פאַרדינען אויף ברויט, אָבער צוליב וואָס האָט איר נאָך מיטגענומען ס׳פערדל?

## אים אַרט ניט...

אַ שדכן האָט גערעדט אַ אידן אַ שידוך מיט אַן אלמנה. זאָגט דער שדכן: — זי איז זייער אַ קלוג ווייבל. זי האָט נאָר אַ קליינע בילמע אויפן רעכטן אויג...

איד: דאָס אַרט מיך ניט.

שדכן: איר איז אויך איין פוס קירצער, דערפאַר איז דער צווייטער פוס לענגער...

איד: דאָס אַרט מיך אויך ניט.

שדכן: זי האָט ליב רעדן אַ סך...

איד: דאָס אַרט מיך אַוודאי ניט!

שדכן: די אַלע חסרונות אַרן אייך גאָרניט?

איד: וואָס דאַרף עס מיך אַרן? — איך וועל דען מיט איר חתונה האָבן?

## איין פוס און איין אויג

אין שפיטאָל איז געלעגן אַן אַלטער איד מיט איין פוס. אויפן צווייטן בעטל איז געלעגן נאָך אַן אַלטער איד מיט איין אויג. דער מיטן איינעם אויג, האָט געהאַלטן אין איין זיפצן און קרעכצן. פרעגט דער מיטן איינעם פוס:

— וואָס זיפצט איר אַזוי? איר האָט מורא פאַרן טויט?

— און איר האָט ניט קיין מורא פאַרן טויט?

זאָגט דער ערשטער: — וואָס דאַרפן מיר מורא האָבן פאַרן טויט? איך וועל דאַרפן אויסציען נאָר איין פוס, און איר וועט צומאַכן בלויז איין אויג...

## פאַר מיין געזונט איז קיין זאַך ניט צו טייער

אַ פּאַציענט איז געקומען צו אַ ספּעציאַליסט, וועלכער האָט גע־רעכנט צען דאָלאַר אַ וויזיט. ווען דער דאָקטאָר האָט דעם פּאַציענט אונ־טערזוכט נעמט יענער אַרויס צוויי דאָלער און גיט דעם דאָקטאָר.

— מיין וויזיט איז צען דאָלער! — האָט דער דאָקטאָר שטרענג געזאָגט.

— איך האָב ניט מער ווי צוויי דאָלער.

דאָקטאָר: טאָ פאַרוואָס זענט איר ניט געגאַנגען צו אַ ביליקערן דאָקטאָר?

פּאַציענט: פאַר מיין געזונט איז קיין זאַך ניט צו טייער...

## ער קאָן רעדן העכער...

אַ שדכן האָט גערעדט אַ בחור אַ שידוך. ווען דער בחור האָט אָנ־געקוקט די כלה האָט ער אַוועקגערופן דעם שדכן אין אַ זייט און געמאַכט צו אים אין דער שטיל:

— איר מעגט זיך שעמען! איר האָט מיר געזאָגט, אַז די כלה איז אַ יונגע, אַ שיינע, אַ קלוגע. צום סוף איז זי אַלט, מיאוס, און אַ בהמה...

— איר קאָנט רעדן העכער, — האָט דער שדכן געזאָגט, — זי איז טויב...

## די ריכטיקע טערקן

אַן אַרבעטער האָט געזוכט אַרבעט. פאַרבייגייענדיק אַ פאַבריק זעט ער אַן אויפשריפט, אַז מען פאַרלאַנגט הענט ביי זיין פאַך. ס׳האָט זיך אָבער געזאָגט אין אויפשריפט, אַז מען באַשעפטיקט דאָרט ניט קיין אידן... איז דער אידישער אַרבעטער אַריין אין פאַבריק און זיך אָנגעג־געבן אַלס אַ טערק. רופט דער פאַרוואַלטער אַריין דעם פאָרמאַן, אויך אַ טערק... און הייסט אים רעדן צום אַרבעטער טערקיש.

מאַכט דער פאָרמאַן צום אידן:

— דער פאַרוואַלטער מעג זיין פאַר אונדז די כפּרה...

רופט זיך אָן דער פאַרוואַלטער, אויך אַ טערק:

— און איר מעגט ביידע איינעמען אַ מיתה משונה... — און איצט, אַז מיר זיינען שוין דריי אידן, קאָנען מיר נאָך „לאָנטש“ בענטשן מזומן...

## ער מוז אַלעמאָל שטיין

מאַרק טוועין איז אַמאָל געקומען אין אַ שטעטל האַלטן אַ לעקציע. פאַר דער לעקציע גייט ער אַריין אין אַ „באַרבער שאַפּ“ זיך אָפּראַזירן. רופט זיך אָן צו אים דער באַרבער:

— איר האָט געהערט? היינט אָוונט וועט ביי אונדז געבן אַ לעקציע אַ באַרימטער שרייבער, מען רופט אים מאַרק טוועין. אַלע בילעטן זיינען שוין אויסגעפּאַרקויפט, בלויז בילעטן צום שטיין קאָנט איר קריגן.

— מיין מזל, — זאָגט מאַרק טוועין, — ווען מאַרק טוועין רעדט מוז איך שטיין...

## ס'האָט ניט גערעגנט

אין אַ שטעטל אין דער אַלטער היים האָט אַ גאַנצן זומער ניט גערעגנט. האָט דער רב פאַררופן אַלע אידן אין שול צו זאָגן תהילים. אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. קיין טראָפּן רעגן איז ניט געקומען פון הימל. האָט דער רב באַפוילן, אַז אַלע אידן און ווייבער זאָלן פאַסטן... און אַז דאָס פאַסטן האָט אויך ניט געהאָלפן און אויף די פעלדער איז אַלץ פאַרברענט געוואָרן, און ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז עס זאָל זיין אַ טריקעניש און מענטשן זאָלן אויסגיין פון הונגער, האָט זיך דער רב געכאַפּט, אַז אין שטאָט מוז זיין אַן אשת איש... האָט ער אַרויסגעשיקט אידן נאָכצוזוכן און נאָכשפּירן יעדן איינעם... האָט מען טאַקע אויסגעפונען, אַז אַ בחור קומט צו אַ ווייבל אין הויז, ווען איר מאַן איז ניטאָ אין דער היים... האָט מען גענומען דאָס פּאָרל, זיי געפירט איבער דער שטאָט מיט זידלערייען, און זיי אָנגערופן מיט די ערגסטע נעמען, ביז ס'איז אָנגעקומען דער רב.

— הערט אויף! — האָט דער רב אויסגעשריען, — איר טאָרט זיי ניט זידלען!

— רבי, גאָט איז מיט אייך! — האָבן אידן געשריען, — איבער אָט די אויסוואורפן רעגנט ניט! אַלץ איז פאַרטריקנט און פאַר'שרפה'ט אויף די פעלדער, זאָלן מיר זיי לאָזן זינדיקן!?

— אָט דאָס איז עס דאָך! — זאָגט דער רב, — היינטיקן זומער רעגנט ניט. ווי וועט זיין, אַז איבעראַיאָר וועט האַלטן אין איין רעגענען און אַלץ וועט פוילן אויף די פעלדער און אין די גערטנער, וועלן מיר דאָך דאַרפן אָנקומען צו אָט־די צוויי, אַז זיי זאָלן דעם רעגן אָפּשטעלן...

# אוי, בין איך קראַנק!

איך האָב אַ שכנה. ווען זי ווערט קראַנק, נודיעט זי אָפּ ס׳האַרץ פון איר מאַן, די שכנים און יעדן איינעם. מען הערט מער ניט פון איר וווי: „אוי, בין איך קראַנק! אוי, בין איך קראַנק!
ווען זי ווערט געזונט, הויבט זיך אָן אַ נייע סדרה: „אוי, בין איך געווען קראַנק! אוי, בין איך געווען קראַנק!״

# ס׳טוט אונדז ווײ אַ צאָן, חברים

ס׳ווערט דערציילט, אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערן קינדער דער־צויגן אַזוי, אַז פון זייער פריסטער יוגנט דאַרפן זיי זיך באַטייליקן אין דער מלוכה־ווירטשאַפט: אויף די פעלדער און גערטנער. קומט אַ מיי־דעלע פון שולע און ס׳טוט איר ווײ אַ צאָן. מאַכט זי ניט קיין ווען און לויפט אַוועק אין גאָרטן, וואו זי דאַרף טאָן איר חלק אַרבעט. ס׳נעמט איר שטאַרק ווײ־טאָן אַ צאָן, און טרערן קייקלען זיך פון אירע אויגן אויף די ראָזעווע בעקעלעך. איין חבר באַמערקט דאָס און פרעגט זי:
— רחלע, וואָס ווייִנסטו?
ענטפערט דאָס קינד:
— ס׳טוט אונדז ווײ אַ צאָן, חברים....

# אין מעזריטש

אַן אָרעמאַן איז געקומען צום גביר פון שטאָט בעטן אַ נדבה. האָט אים די דינסט געזאָגט, אַז ער קאָן ניט אַריינגיין דערפאַר, וואָס דער באַ־לעבאָס האַלט ביים שטאַרבן.
— לאָז מיך צו צום באַלעבאָס, — האָט זיך דער אָרעמאַן געבעטן ביי דער דינסט, — איך האָב אַ רפואה פאַר אים. — האָט זי דעם אָרע־מאַן צוגעלאָזט צום גוסס׳דיקן באַלעבאָס.
— פאַקט זיך שוין איין און פאָרט אַריבער קיין מעזריטש! — האָט דער אָרעמאַן אויסגעשריען.
— וואָס איז? זייַנען דאָרט פאַראַן אַזוינע גרויסע דאָקטוירים? — האָט דער באַלעבאָס געפרעגט.
— ניט קיין דאָקטוירים! נאָר פון זינט מעזריטש איז אַ שטעטל, איז נאָך דאָרט קיין גביר ניט געשטאָרבן... — האָט געענטפערט דער אָרעמאַן.

## זאָג מיר, וואָס דו האָסט געלייענט

— זאָג מיר, וואָס דו האָסט געלייענט און איך וועל דיר זאָגן וואָס דו ביסט, — האָט איין פריינט געזאָגט צום צווייטן.

— איך האָב געלייענט יהודה הלוי, דעם רמב״ם, טאָלסטאָי, שעקספּיר, איבסאָן, גאָרקי, ראָמען ראָלען, וויקטאָר הוגאָ און אַנדערע — נו, וואָס בין איך?

—אַ ליגנער!... — האָט דער צווייטער געענטפערט.

## אַז ער עסט...

אַ איד איז געקומען קיין אַמעריקע. ווי ער זיצט און עסט מיטאָג ביי אַ לאַנדסמאַן, פרעגט מען אים:

— וואָס מאַכט עפּעס אהרון דער שוסטער?

גרינער: געשטאָרבן!

— און שמוליק דער קצב?

גרינער: געשטאָרבן...

— און צדוק דער קאָוואַל?

גרינער: אויך געשטאָרבן!

— און דער בעדער, דער שמש, און דער אַלטער רב?

גרינער: אַלע געשטאָרבן!

— וואָס, איז ביי אייך אין שטעטל געווען אַן עפּידעמיע?

גרינער: — ס׳איז ניט געווען קיין עפּידעמיע, נאָר אַז איך עס האָב איך אַלץ אין דר׳ערד....

## ער האָט אַן עצה

צוויי שוועסטער, יונגע שיינע מיידלעך, האָבן אויפגעהאַלטן אַ הויז, וואָס זייערע פאַרשטאָרבענע טאַטע־מאַמע האָבן זיי איבערגעלאָזט און אויך געגנוג מיטלען צום לעבן. די עלטסטע, צוואַנציק יאָר אַלט, האָט זיך בלויז אָפּגעגעבן מיט דער באַלעבאַטישקייט. טאָג און נאַכט נאָר געפּוצט און גערייניקט ס׳הויז. די צווייטע האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לייענען, שטודירן און אויך געלערנט שפּילן פּיאַנאָ.

די עלטסטע האָט געהאַט אַ געליבטן, האָט זי געמיינט, אַז אום אַנ־

צוהאַלטן זיין ליבע מוז זי פריער צוקומען צו זיין מאָגן. איז ווי ער פלעגט נאָר קומען זי באַזוכן, פלעגט זי באַלד אַוועק אין קיך, צוגרייטן די בעסטע מאכלים און געבעקסן. איז בעת זי איז געווען פאַרנומען אין קיך, האָט דער יונגערמאַן דערווייל פאַרבראַכט מיט דער אינגערער שוועסטער. מיט איר האָט ער געקאָנט רעדן וועגן קולטור, ליטעראַטור און מוזיק. איינמאָל האָט ער איר פאָרגעשלאָגן, אַז זי זאָל מיט אים חתונה האָבן. האָט זי גע׳טענה׳ט, אַז מיט איר שוועסטער וועט ער זיין גליקלעכער, ווייל זי איז אַ גרויסע ווירטין, קאָן גוט קאָכן און באַקן, „און איך, — האָט דאָס מיידל געזאָגט, — „קאָן ניט קאָכן און וויל זיך אפילו ניט אויסלערנען״...

— אויב אַזוי, — האָט דער בחור געזאָגט, — האָב איך אַן עצה: מיר׳ן חתונה האָבן, דיין שוועסטער וועט אויפהאַלטן ס׳הויז, קאָכן, באַקן, און מיר׳ן זיך אָפּגעבן מיט קולטור...

## אַ גאַנצע גאַס אין ווילנע

אַן אָרעמאַן האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט געגעבן זיין איידעם נדן אַ גאַנצע גאַס אין ווילנע, איז אַזוי ווי זי, זיין טאָכטער, איז קרום אויף ביידע פיס, און דער איידעם האָט אַ בילמע אויף איין אויג, וועלן זיי גיין איבער די הייזער אויף דער ווילנער גאַס און וועלן האָבן פּרנסה בכבוד גדול...

## יענעם איז נאָך ערגער

אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט איז אַמאָל געקומען אַ דאָקטאָר באַזוכן די גייסטיק־קראַנקע. פרעגט ער דעם אויפזעער:

— פאַרוואָס זינגט אָט יענער מאַן: „נאָרע, נאָרע״?

ענטפערט דער אויפזעער:

— דער מאַן איז אַמאָל געווען פאַרליבט אין זייער אַ שיין מיידל מיטן נאָמען נאָרע. איז זי אינעם טאָג פון זייער חתונה אַוועק מיט אַן אַנאַנדערן... פון דאַן אָן געפינט ער זיך דאָ...

דער דאָקטאָר איז אַריין אין אַ צווייטן צימער, זעט ער, ווי נאָך אַן עלטערער מאַן זיצט אויף אַ „ראַקינג טשער״ און זינגט אויך: „נאָרע! נאָרע!״... פרעגט ער דעם אויפזעער:

— דער זינגט דאָך אויך „נאָרע״!...

— דאָס איז דער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט נאָרע׳ן... — האָט דער אויפזעער געענטפערט.

## בראָנפן צי מילך

דערציילט אַ איד:

— ביי אונדז אין שטעטל האָט מען געפונען אויף דער גאַס אַ טויטן סאָלדאַט. זיינען דריי טשינאָווניקעס געקומען צוזאַמענשטעלן דעם פּראָטאָקאָל. לעבן טויטן איז געשטאַנען אַ פולע פלאַש בראָנפן, אָבער כדי צו זיין זיכער, אַז דאָס איז בראָנפן און ניט קיין מילך, האָט זיך יעדערער פון די דריי טשינאָווניקעס מטריח געווען און פאַרזוכט פון דער פלאַש. נאָכן פאַרזוכן האָט יעדערער פאַרזיכערט, אַז עס איז ניט קיין מילך, נאָר בראָנפן... אָבער ביים שרייבן דעם פּראָטאָקאָל האָט מען אָנגעגעבן. אַז לעבן טויטן קערפּער האָט מען געפונען אַ ליידיקע פלאַש פון מילך...

## אַז מען לערנט תורה...

אַ איד, אַ לערנער, איז געזעסן איבער אַ ספר. מיטאַמאָל האָט איך געגנומען דורשטן. איז ער אַוועק נעמען אַ טרונק וואַסער. ער קומט צוריק און געפינט ניט זיינע ברילן. האָט ער אָנגעהויבן אונטערברומען:

— ווער האָט געקאָנט צו׳גנב׳ענען מיינע ברילן? טראָגט ער ברילן, האָט ער דאָך ברילן. איז צו וואָס האָט ער באַדאַרפט גנב׳ענען מיינע ברילן? טראָגט ער ווידער ניט קיין ברילן, האָט ער דאָך אַוודאי ניט געדאַרפט מיינע ברילן. האָט ער זיי גענומען אויף צו פאַרקויפן, איז ווידער די אייגענע מעשה: דער וואָס טראָגט ברילן, האָט דאָך ברילן, צו וואָס־זשע דאַרף ער קויפן פרעמדע ברילן? טראָגט ער ווידער ניט קיין ברילן, איז צו וואָס זאָל ער קויפן ברילן? מוז מען דאָך זאָגן, אַז יענער האָט פשוט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַרויפגערוקט זיינע ברילן אויפן שטערן... (גיט זיך אַ כאַפּ ביים שטערן) זע נאָר, זע, אָט זיינען דאָך מיינע ברילן...

## ער וועט אַריינרופן די מאַמע...

אַמאָל האָט גאָט אַרונטערגעשיקט דעם מלאך־המות אויף דער ערד, אַז ער זאָל זיך צוקוקן ווי אַזוי די מענטשן פירן זיך אויף און נאָכדעם

ווועט ער אים צוריקרופן אויפן הימל. איז דער מלאך־המות אַרונטער אויף דער ערד, זיך אויסגעלערנט אַ פאַך, חתונה געהאַט און ס׳וויב האָט אים געבוירן אַ אינגל. און ווען ס׳אינגעלע איז שוין געווען צען יאָר אַלט, האָט גאָט צוריקגערופן דעם מלאך המות אויפן הימל. אָבער, איידער דער פאָטער האָט פאַרלאָזט די ערד האָט ער אָנגעזאָגט זיין זון, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן זאָל ער ווערן אַ דאָקטאָר, און ווען ער וועט קומען צו אַ חולה מסוכן און ער וועט דערזען דאָרט דעם מלאך המות, איז אַלץ, וואָס ער וועט דאַרפן זאָגן, איז: „טאַטע, גיי אַוועק״, וועל איך אַוועקגיין און דער חולה וועט געזונט ווערן. אָט אַזוי וועסטו ווערן אַ באַרימטער דאָקטאָר, אַז דו ביסט מציל אַ מת. איז טאַקע אַזוי געווען. דאָס אינגל איז אויסגעוואָקסן און איז געוואָרן באַרימט, אַז ער ראַטעוועט מענטשן פון טויט.

ביז איינמאָל, איז דעם קעניגס טאָכטער שרעקלעך קראַנק געוואָרן און די גרעסטע דאָקטוירים האָבן זי שוין געהאַט אויפגעגעבן, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ערגעץ, אין אַ שטאָט געפינט זיך אַ דאָקטאָר, וואָס איז מחיה מתים. האָט מען גלייך געשיקט נאָכן דאָקטאָר, און ווי נאָר ער איז אַריין צו דער קראַנקער פרינצעסין, וועלכע האָט שוין געגוסס׳ט, האָט ער דערזען זיין טאַטן, דעם מלאך המות! האָט ער זיך אָנגערופן זייער שטיל: „טאַטע, גיי אַוועק״. האָט דער פאָטער געענטפערט: „דאָס מאָל מוז איך ברענגען די נשמה פון דער פרינצעסין צו גאָט״. „טאַטע, ס׳שטייט מיר פאָר אַ גרויס גליק, אויב די פרינצעסין וועט געזונט ווערן״... „ס׳וועט דיר גאָרניט העלפן, מיין זון, דאָס מאָל קאָן איך ניט אַוועקגיין!...

איז דער זון געוואָרן זייער בייז און זיך אָנגערופן:

— טאַטע, דו גייסט אַוועק?... אַניט רוף איך אַריין די מאַמען!...

האָט זיך דער מלאך המות דערשראָקן און איז אַנטלאָפן...

## צוריק...

אַ איד, אַן אויסוואורף, איז געשטאָרבן. איז ווי נאָר ער איז געקומען אויפן עולם האמת, האָט מען אים אַריינגעפירט אין גיהנום. דאָרט האָט מען אים געשמיסן מיט אייזערנע ריטער, מען האָט אים געבאָדן אין זידיקער סמאָלע און ס׳איז געווען זייער ביטער. קומען אַריין צווי מלאכים׳לעך און טוען אַ זאָג: — קום!...

— וואוהין? נאָך אין אַ ערגערן גיהנום?

— ניין, — זאָגן זיי, — אין גן־עדן! דיין זון האָט געגעבן פינף הונדערט דאָלער פאַר אַ ישיבה. איז אויב דו האָסט דערצויגן אַזאַ זון, קומט דיר דער גן־עדן.

האָט מען אים אַריינגעפירט אין גן־עדן און ס'איז אים דאָרט געווען וואויל ווי די וועלט. מיטאַמאָל קומען ווידער אַריין די צוויי מלאכים־לעך: — קום!

— וואו איצט?

— צוריק אין גיהנום! — ווייל דיין זונ'ס טשעק איז געקומען צוריק...

## מיטוואָך איז געווען נאָך ערגער

אַ געשעפטסמאַן פון מענער־קליידער האָט זיך באַקלאָגט פאַר זיין פריינט:

— ס'איז שוין בלויז געבליבן איין וואָך צו פסח און קיינער שמעקט ניט אַריין אין מיין סטאָר, און פערציק סעילס־לייט זיינען אויפן „פעי־ראָל"! דעם מאָנטאָג האָבן מיר פאַרקויפט בלויז איין סוט; דינסטאָג — גאָרניט. און מיטוואָך איז נאָך געווען ערגער ווי דינסטאָג, וואָרום דעם סוט, וואָס מיר האָבן פאַרקויפט מאָנטאָג האָט דער קאָסטימער גע־בראַכט מיטוואָך צוריק...

## זאָלן זיי וויסן אַז...

אַ פרוי האָט זיך אַמאָל געוועגדט צו איר מאַן:

— וואָס ביסטו פאַר אַ מענטש? אַלע אָוונט האָסטו אַ מיטינג, קומסט אַהיים, שלאָפן שוין די קינדער, ווען זיי גייען אַוועק צו דער אַרבעט און אין סקול שלאָפסטו נאָך. שיק זיי כאָטש אַריין אַ קאַרטל, אַז זיי זאָלן וויסן, אַז זיי האָבן אַ טאַטן!...

## ער וויל ניט, מ'זאָל זאָגן, אַז ער זיצט

אין אַ קליין שטעטל האָט מען דורך אַ בילבול אַריינגעזעצט דעם רב אין תפיסה. ווען מ'איז אים געקומען באַזוכן, איז ער געשטאַנען די גאַנצע צייט אויף די פיס. פרעגן אים די באַלעבאַטים:

— רבי, פאַרוואָס זיצט איר ניט?

ענטפערט דער רב:
— איך וויל ניט, מ׳זאָל זאָגן, אַז אייער רב זיצט אין תפיסה...

## דאָס יאָר זאָל זי זיך שוין איבערמוטשען

נאָכדעם, ווי אַ פרוי האָט זיך גוט אויסגעוויינט אויף איר מאַנ׳ס קבר און אים דערציילט, אַז זי און די קינדער ליידן הונגער און נויט, האָט זי אַריינגעשטעקט אַ ביסל גראָז אין דער מצבה און איז אַוועק. זי האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט, אַז זי האָט פאַרגעסן זאָגן איר מאַן, אַז זי האָט ניט קיין האָלץ אויפן ווינטער און וועט נאָך מיט די קינדער ליידן קעלט אויך. אָבער נאָכדעם, ווי מען גייט אַוועק פון דער מצבה טאָר מען זיך מער ניט אומקערן... האָט זי געבעטן דעם קברות־מאַן, אַז ער זאָל גיין זאָגן איר מאַן, אַז זי האָט ניט קיין האָלץ אויפן ווינטער, און זאָל ער זיך מיִען פאַר איר און זיינע קינדער.

ווען דער קברות־מאַן איז געקומען צוריק פון דער מצבה, האָט ער איר געזאָגט, אַז דער מאַן האָט זי געבעטן, אַז הייַנטיקס יאָר זאָל זי זיך איבערמוטשען, און מירצעשעם איבעראַיאָר, וועט ער זי נעמען צו זיך...

## גאַסטפריינטלעכע מענטשן

איינער דערציילט, אַז ער האָט אַרומגערייזט די וועלט, ביז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ געגנט, וואו עס לעבן קאַניבאַלן. „האָב איך זיך זייער דערשראָקן... אָבער צו מיין איבערראַשונג האָב איך אויסגעפונען, אַז זיי זיינען זייער גאַסטפריינטלעכע מענטשן. יעדערער פון זיי האָט מיך געוואָלט האָבן אויף „ברעקספעסט"..."

## וואָס ער האָט געטאָן מיט די פינף ווייבער

ס׳ווערט אויך דערציילט, אַז אין לאַנד וואו עס לעבן נאָך קאַניבאַלן און עס גילט נאָך „ביגאַמי" (פיל־ווייבעריי), איז געקומען אַ גלח פון אַ ציוויליזירטן לאַנד און פאַררופן אַ מאַסן־מיטינג און האָט אַפעלירט צו די מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך נעמען אַ ביישפיל פון ציוויליזירטע לענדער, אויפהערן לעבן אויף מענטשן־פלייש. און יעדער מאַן זאָל האָבן ניט מער ווי איין ווייב.

אויף מאָרגן איז איין מאַן געקומען צום גלח און געזאָגט צו אים:
— פאָטערל, דיינע רייד נעכטן האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין מיין האַרץ. נעכטן האָב איך געהאַט פיר ווייבער און היינט האָב איך נאָר איינע.
— דו זאָלסט זיין געבענטשט, מיין זון, פון גאָט! — האָט דער גלח געזאָגט. — אָבער זאָג מיר, וואָס האָסטו געטאָן מיט די אַנדערע דריי ווייבער דיינע?
— גאָרניט! איך האָב זיי בלויז אויפגעגעסן!... — האָט דער מאַן געענטפערט.

## פראַגע און ענטפער

אַ איד האָט געמאָנט ביי זיין פריינט אַ חוב, ווייל ער האָט זיך שטאַרק גענויטיקט. אָבער דער פריינט האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק... האָט דער איד געשיקט אַ טעלעגראַמע מיט איין וואָרט: „נו?“. האָט דער פריינט געענטפערט מיט אַ טעלעגראַמע מיט צוויי ווערטער: „נו, נו“...

## אַלע יונים האָבן איין פנים

אין דער אַלטער היים איז געווען אַ מנהג, אַז פרייטאָג־צונאַכטס פלעגט יעדער באַלעבאָס נעמען אַן אורח אויף שבת. אויך אידישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען איינגעשטאַנען אין אַ שטאָט, פלעגט מען נעמען אַלס אורחים אויף שבת און יום־טובים.
איינמאָל אַ פרייטאָג צונאַכטס איז אַ סאָלדאַט געקומען אין שול צו שפעט, ווען ס׳איז שוין קיינער ניט געווען, בלויז דער שמש. רופט זיך אָן דער שמש צום סאָלדאַט:
— קום צו מיר. וואָס גאָט האָט געגעבן וועלן מיר עסן צוזאַמען...
דער שמש איז געווען זייער אָרעם, איז געווען ווייניק שפייז אויפן טיש, אַזוי אַז דער סאָלדאַט איז אַוועק פון טיש אַ הונגעריקער. אויפן וועג צו דער קאַזאַרמע האָט ער אָנגעטראָפן אַן אַנדער סאָלדאַט, וועלכער פלעגט אַלע שבת עסן אין הויז פון גביר. האָט יענער אים צוגערעדט מיטצו־גיין מיט אים, ווייל דאָרט,ביים גביר, איז דאָ אַזוי פיל צו עסן, אַז ס׳וואָלט געווען גענוג פאַר אַ פאָלק סאָלדאַטן!

דער שמש מיט דער שמש׳טע זיינען געווען קרובים פונעם גביר. ווען זיי זיינען אַריינגעקומען און דערזען דעם סאָלדאַט, האָט זיך די שמש׳טע אָנגערופן:

— איר עסט שוין אַ צווייטע וועטשערע? איר האָט דאָך ערשט געגעסן ביי אונדז?

— איר האָט אַ טעות! — זאָגט דער סאָלדאַט. — איך קום ערשט מיט מיין חבר אַהער פון קאַזאַרמע...

— אפשר זענט איר גערעכט, — זאָגט די שמש׳טע, — אַז אַלע יונים האָבן איין פנים...

# אַ לעקציע איבער ליטעראַטור

אין אַ שטעטל פון פאַרמערס האָט מען אַרויסגערופן אַ באַוואוסטן שרייבער פון ניו־יאָרק, אַז ער זאָל קומען אין זייער קלוב געבן אַ לעקציע איבער ליטעראַטור. האָט דער שרייבער געאַרבעט צוויי וואָכן אויף דער לעקציע. אָבער ווען ער איז געקומען אין קלוב פון יענעם שטעטל, האָט ער געפונען געציילטע מענטשן. האָט ער זיך קיין עצה ניט געקאָנט געבן: האַלטן די לעקציע, אָדער ניט? אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך זייער געגרייט ער זיך גערעדט אין די עטלעכע האָלער, וואָס ער האָט געדאַרפט קריגן פאַר דער לעקציע, האָט ער זיך געשטעלט ריידן. ער האָט אָפּגערעדט צוויי שעה צייט. ווען ער האָט פאַרענדיקט, גייט צו צו אים איינער פון די פאַרמערס און רופט זיך אָן:

— איר זענט נאָך, אַפּנים, גאָר אַ גרינער אין די ביזנעס. פאַר אַזוי ווייניק מענטשן האַלט מען אַזאַ לאַנגע דרשה? זעט איר, איך פיר זיך שוין אַנדערש. ווען איך האָב ווייניק בהמות גיב איך זיי ווייניק שטרוי...

# זיין גרויסע זאָרג

אַ איד אַ לערנער איז געזעסן פאַרטיפט אין אַ ספר. איז צוגעקומען צו אים ס׳ווייב מיט אַ געוויין:

— שלמה, אין אַ פּאָר טעג וועט מען צונעמען אונדזער זון אין „גוי־אישע הענט“. פיר יאָר וועט ער דאַרפן דינען דעם קייסער! פאַרוואָס טוסטו עפּעס ניט!? ער איז דאָך ביי אונדז אַן איין־איינציקער! פאַרוואָס זאָל מען אים נעמען פאַר אַ סאָלדאַט? און דיך אַרט עס ווי די וואַנט!... וואָס ביסטו פאַר אַ טאַטע?

די פרוי האָט ניט אויפגעהערט צו קלאָגן, ביז דער מאַן האָט זיך אַ הויב־געטאָן פון שטול און איז צו צום פענצטער. ער האָט אַרויסגעקוקט און ס'זוייב האָט געוואַרט, געוועזן זיכער, אַז ער טראַכט וואָס צו טאָן פאַרן זון.. . מיטאַמאָל האָט ער אַרויסגעפּלאַצט:

— שוין באַלד סוף חודש און די לבנה האָט זיך נאָך קיין איין מאָל ניט באַוויזן...

## אַזוי ווייניק

איינער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ בלינדן אין גאַס און אים אַריינגע־וואָרפן אַ מטבע אין קעסטעלע.

— אַזוי ווייניק? — פרעגט דער בלינדער.

— איר זייט דאָך בלינד, טאָ ווי אַזוי ווייסט איר, וויפל איך האָב אַריינגעוואָרפן? — פרעגט דער פאַרבייגייער.

— איך בין ניט דער בלינדער, איך אַרבעט נאָר פאַרן בלינדן.

— טאָ וואו איז דער בלינדער?

— ער איז געגאַנגען זען אַ „מואווי", — ענטפערט דער אַרויס־העלפער.

## נאָך אַ גליק, וואָס ס'איז ניט קיין פּיאַנאָ

אַ באַרימטער פידל־שפילער האָט אָנגעזאָגט אין זיין צוואה, אַז ווען ער וועט שטאַרבן און מ'זועט אים אַראָפּלאָזן אין קבר, זאָל מען נאָכדעם אויך אַראָפּלאָזן זיין פידל.. ..

האָט דער באַגראָבער טאַקע אַזוי געטאָן: ער האָט פריער אַראָפּ־געלאָזט דעם מת און ביים אַראָפּלאָזן די פידל האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ טיפן זיפץ: — אוי, נאָך גוט, וואָס ס'איז ניט קיין פּיאַנאָ...

## שוין לאַנג געטראַכט

אַ פרוי, ליגנדיק אויפן טויטן בעט, האָט צוגערופן איר מאַן און מיט די לעצטע קרעפטן קוים אַרויסגערעדט:

— משה, זאָג מיר צו, אַז ווען איך וועל שטאַרבן, וועסטו חתונה האָבן מיט מיין שוועסטערס מיידל.

— שרה'לע, — האָט דער מאַן זי פאַרזיכערט — זאָלסט אַזוי האָבן דעם ליכטיקן גן־עדן, ווי איך האָב דאָס שוין אַליין אויך געטראַכט.

## דער דאָקטאָר ווייסט

אַן אַרבעטער האָט אַוועקגעחלש׳ט ביי דער מאַשין. האָט מען גע־בראַכט אַ דאָקטאָר, האָט ער באַטראַכט דעם אַרבעטער און דערקלערט, אַז ער איז טויט.

— איך בין ניט טויט! — האָט דער געחלש׳טער קוים אַרויסגע־רעדט.

— ליג שטיל, סעם! — האָט דער באַלעבאָס זיך אָנגערופן, — דער דאָקטאָר ווייסט וואָס ער רעדט...

## בלויז אונטערשרייבן דעם נאָמען

ערשטער פריינט: איך בין געקומען בעטן ביי דיר אַ קלייניקייט... דער דאָקטאָר האָט מיך פאַרבאָטן צו אַרבעטן אין שאַפּ צוליב מיינע שוואַכע לונגען, האָב איך באַשלאָסן צו קויפן אַ שטיקל „קענדי־סטאָרקע". מיין פעטער גיט מיר טויזנט דאָלער פון זיין באַנק, און וויל, אַז דו זאָלסט בלויז אונטערשרייבן דיין נאָמען...

צווייטער פריינט: נו, פרעג איך דיך אַליין, ווי שעמסטו זיך ניט צו בעטן ביי מיר אַזאַ קלייניקייט! דו האָסט שוין פאַרגעסן, ווי דו ביסט מיר בייגעשטאַנען אין מיינע נויטן גרינערהייט? איך וואָלט דאָך געשטאָרבן פון הונגער, ווען ניט דו... האָסט דאָך מיך אויסגעהאַלטן מיט אַלעם גוטן וואָכן לאַנג. און נאָכדעם, ווען איך האָב זיך געשטעלט אויף די פיס און געוואָלט דיר באַצאָלן, האָסטו קיין סענט ניט גענומען! און איצט, ווען איך בין רייך, און דו קראַנק און צעבראָכן, גייסטו צו דיין לויזיקן פעטער, אַז ער זאָל דיר געבן טויזנטער דאָלער און איך זאָל בלויז אונטערשרייבן מיין נאָמען. האָסט ניט געקאָנט קומען צו מיר נאָך טויזנט דאָלער, און ער, דיין פעטער, זאָל בלויז אונטערשרייבן זיין נאָמען?!...

## וועמען זאָל ער אַוועקשטעלן אין שטאַל?

באָרהערקע: שיין קאָן מען זיך ביי אייך אויסרוען. אַ גאַנצע נאַכט רעוועט די בהמה אין שטאַל. שוין איינמאָל ביי אייך אַ פאַרם!

פאַרמער: איז וועמען, וואָלט איר געוואָלט, זאָל איך אַוועקשטעלן אין שטאַל — אַן אָפּערע־זינגער?

# ער האָט מיט גאָט'ס הילף געמאַכט זיין פאַרמעגן

ערשטער מחותן: איר ווייסט, ווי איך האָב, מיט גאָט'ס הילף, גע־מאַכט מיין פאַרמעגן? איך האָב געכאַפּט אַ גמילות־חסד ביי ווּעמען איך האָב נאָר געקאָנט, און אָפּגעגעבן צו דער מינוט! אָבער די צווייטע גמילות־חסדים האָב איך שוין ניט אָפּגעגעבן.

צווייטער מחותן: און איר ווייסט ווי אַזוי איך האָב געמאַכט מיין פאַרמעגן? איך האָב די ערשטע גמילות־חסדים ניט אָוועקגעגעבן...

# דער קאָנגרעסמאַן

אַ ספּעציאַליסט האָט געשיקט אַ טעלעגראַמע צו זיינעם אַ פּאַציענט, אַז ער זאָל גלייך קומען צו אים אין שפּיטאָל.

ווען דער פּאַציענט איז געקומען רופט זיך אָן דער ספּעציאַליסט:

— איר מוזט מיך אַנטשולדיקן. ווען איך האָב אייך אָפּערירט אויפן קאָפּ, האָב איך אַרויסגענומען אייערע געהירן און פאַרגעסן צוריק אַריינ־לייגן. נאַט, אָט האָט איר אייערע געהירן. נעמט זיי צו...

פּאַציענט: — איר קאָנט זיי האַלטן, פּראָפעסאָר. איך דאַרף ניט קיין געהירן. איך בין אַ קאָנגרעסמאַן...

דריטער טייל

# פאָלקס־מעשׂיות

ישׂראל־מעשׂיות

מעשׂה׳לעך וועגן צדיקים

מעשׂה׳לעך וועגן רבנים

מעשׂה׳לעך וועגן חזנים

מעשׂה׳לעך וועגן שיכורים

אַנעקדאָטן און מעשׂה׳לעך וועגן גנבים

כעלעמער מעשׂה׳לעך

מעשׂה׳לעך וועגן מאַלעריי

מעשׂה׳לעך וועגן קאַרגע אידן

# ישׂראל־מעשׂיות

## ער רעדט העברייאיש

דערציילט אַ איד: איינמאָל האָט מיין ווייב מיך געבעטן, איך זאָל אַריינגיין צום קצב קויפן געהירן. איך קום אַריין — אַ פולע קראָם מיט קונים און אַלע ריידן העברייאיש. האָב איך זיך געשעמט צו פרעגן דעם קצב, צי ער האָט געהירן. האָב איך אים אויך געפרעגט אויף העברייאיש: „איר האָט שׂכל פון אַ בהמה?“...

## הייס און קאַלט

— פאַרוואָס איז אין תּל־אביב הייס און אין ירושלים קיל?

— גאָר פשוט: אין תּל־אביב געפינען זיך אַ מיליאָן אידן, האַלטן זיי זיך אין איין קאָכן, איז דאָרט הייס. אין ירושלים זיינען דאָ זייער ווייניק אידן, האַלטן זיי זיך אין איין בלאָזן, איז דאָרטן קיל.

## מ׳קאָן אויסגיין

איינמאָל קום איך נעמען די באַן. איך טו אַ קוק, ס׳ליגט אַ איד אויסגעצויגן אויף די רעלסן. פרעג איך אים:

— ר׳ איד. וואָס ליגט איר אויף די רעלסן? ס׳קאָן דאָך קומען אַ באַן און אייך חלילה איבערפאָרן!

— דאָס וואָס איך וויל טאַקע, — זאָגט ער.

— און וואָס פאַר אַ פּעקעלע האַלט איר אונטערן אָרעם?

— סענדוויטשעס.

— צי וואָס די סענדוויטשעס?

— ווייל איידער ס׳קומט דאָ אַ באַן קאָן מען אויסגיין פון הונגער, — האָט דער איד געענטפערט.

## צנע (צענע)

קיין תּל־אביב איז געקומען בן־גוריונ׳ס אַ געוועזענער מלמד און זיך

דאָרט באַזעצט מיט זיין ווייב. איינמאָל קומט זי פון מאַרק און רופט זיך אָן צום מאַן:

— וואָס איז אַזוינס „צנע״? וואו מען גייט, וואו מען שטייט הערט מען בלויז „צנע״.

— איך ווייס אַליין אויך ניט, — ענטפערט דער מאַן.

— טאָ גיי זיך דורך צו דיין קלוגן תלמיד בן־גוריון און זאָל ער דיר געבן צו פאַרשטיין, וואָס עס מיינט „צנע״, — האָט די מלמד׳קע פאַר־געשלאָגן דעם מאַן.

איז ער אַוועק. בן־גוריון האָט דעם מלמד צוגעפירט צום פענצטער און געוויזן:

— איר זעט, רבי, אָט לויפט אַן אויטאָמאָביל און אַלע איבעריקע מענטשן גייען צופוס. ווען מיר׳ן האָבן „צנע״ נאָך פינף יאָר, וועט שוין קיינער ניט גיין צופוס. אַלע וועלן שוין פאָרן אין אויטאָמאָבילן.

קומט דער מלמד אַהיים, רופט צו ס׳ווייב צום פענצטער:

— חנה, ווילסט וויסן וואָס ס׳מיינט „צנע״? אָט זע, ווי עס זיצט אַן אָרעמאַן מיט אַ שיסעלע און בעט נדבות און די איבעריקע מענטשן גייען צופוס. אָבער ווען מיר׳ן אָנהאַלטן „צנע״ נאָך פינף יאָר, וועט שוין קיינער ניט גיין צופוס. אַלע וועלן שוין זיצן מיט שיסעלעך...

## ריינע מילך

איך האָב זיך אין ישראל שטאַרק פאַרקילט. גיי איך אַריין אין אַ רעסטאָראַן און בעט אַ גלאָז הייסע מילך. גיט מען מיר. איך נעם טרינקען און פיל, ווי ס׳איז האַלב וואַסער... ווענד איך זיך צום באַלעבאָס:

— וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר מילך? ס׳איז דאָך האַלב וואַסער!

ענטפערט דער באַלעבאָס:

— אויב איר ווילט ריינע מילך, קאָנט איר עס קריגן בלויז פון אַ בהמה...

אין אַ צווייטן רעסטאָראַן האָב איך זיך געהייסן געבן באָרשט. אָפּ־געוואַרט אפשר אַ האַלבע שעה אויפן באָרשט, הער איך ווי איינער שרייט:

— מען האָט ביי מיר אַוועקגע׳גנב׳עט מיין נייעם מאַנטל!

דאָס דערהערט, לאָז איך שטיין דעם באָרשט און גיי אויסגעפינען, צי מען האָט ניט אַוועקגע׳גנב׳עט אויך מיין מאַנטל. איך קום צוריק, מען האָט ביי מיר אַוועקגע׳גנב׳עט דעם באָרשט...

# די ישראל „שקצימ׳לעך"

אַ אינגעלע, פון די ערשט־אָנגעקומענע אין לאַנד, איז אַריין אין הויז מיט אַ געוויין.

— וואָס איז, מיין קינד? — האָט די מוטער געפרעגט אַ דער־שראָקענע.

— די ישראל „שקצימ׳לעך" האָבן מיך געשלאָגן... — האָט דאָס קינד געענטפערט.

# מעשה׳לעך וועגן צדיקים און רביים

## עולם הזה און עולם הבא

אַ איד, אַ פּרוש, איז געזעסן שבת פאַרטיפט אין אַ ספר. איז אַרויף אַ שפּין אויפן ספר און דער צדיק האָט די שפּין דער׳הרג׳עט.

אין דער זעלבער שטאָט איז געווען אַ יונג אַן אויסוואורף, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון קיין זינד, אַבי נאָר ס׳האָט אים פאַרשאַפט פאַר־גענינגן. . . .

איינמאָל איז דער אויסוואורף געגאַנגען פאַרביי אַ טייך און דערזען, ווי אַ מיידל, אַ שיינע בלאָנדינקע, טרינקט זיך. איז ער אַריין אין טייך און געראַטעוועט ס׳לעבן פון דער בלאָנדינקע. מיט אַ צייט שפּעטער איז דער צדיק געשטאָרבן. איז געווען אַ גרויסער טרויער אין שטאָט. דעם זעלבן טאָג איז דער אויסוואורף אויך געשטאָרבן, האָבן אידן געזאָגט: „אַ שיינע, ריינע כפּרה!"

געקומען דער צדיק אויף יענער וועלט און לאָזט זיך גיין גלייך אין גן־עדן. שפּרינגט אַרויס אַ שוואַרץ מלאכ׳ל און זאָגט: „ניין! דו האָסט דער׳הרג׳עט אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, אַ שפּין, דאַרפסטו זיצן אין אַ חדר מיט דער שפּין"... שפּעטער אַ ביסל, ווען דער אויסוואורף איז געקומען אויף יענער וועלט, האָט מען אים, פאַרשטייט זיך, געפירט גלייך אין גיהנום, אַז ס׳שפּרינגט מיטאַמאָל אַרויס אַ ווייס מלאכ׳ל און טוט אַ באַפעל: „ער האָט געראַטעוועט ס׳לעבן פון אַ שיין מיידל, אַ בלאָנדינקע, דאַרף מען אים האַלטן אין חדר מיט דער בלאָנדינקע".

זיצט דער צדיק אין אַ חדר מיט דער שפּין, און דער אויסוואורף מיט חער בלאָנדינקע. זיפצט דער צדיק און זאָגט: ס׳אַ מזל איך האָב: ניט געהאַט קיין עולם הזה און איצט — ניט קיין עולם הבא; און דער אויס־וואורף האָט געהאַט עולם הזה און האָט אויך עולם הבא. . . .

## וואו זיינען פאַרט די פערד?

אַ צדיק איז אַמאָל געפאָרן מיט זיין שמש (שאַמעס) אין אַ שטעטל אויף שבת. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויפן וועג אין אַ קרעטשמע אי־בערנעכטיקן. איז אָבער דאָרט געווען אַזוי געפּאַקט, אַז דער צדיק האָט

ניט געקאָנט אפילו אַריין. זאָגט ער צום שמש: איך וועל שלאָפן אויפן וואָגן און דו היט אונדזערע פערד...

אינמיטן נאַכט וועקט דער רבי דעם שמש:

— עליע, דו שלאָפסט?

— ניין, רבי!

— וואָס דען טוסטו?

— איך טראַכט, רבי, וואו קומט אַהין דאָס חלב, ווען ס'ברענט אויס אַ ליכט?...

— טראַכט, טראַכט! — זאָגט דער צדיק, און ווערט ווידער אַנטשלאָפן. אַ ווײַלע שפּעטער מונטערט ער ווידער דעם שמש:

— עליע, דו שלאָפסט?

— ניין, רבי לעבן. איך טראַכט, וואו קומט אַהין דער לעדער, ווען מען קלאַפּט אַריין אַ טשוואָק?...

— טראַכט, טראַכט! — זאָגט דער רבי, און קערט זיך איבער אויף דער צווייטער זייט.

דערווייל האָט אָנגעהויבן טאָגן, און דער צדיק נודיעט ווידער:

— עליע, דו שלאָפסט?

— ניין, רבי לעבן. איך טראַכט: געדאַוונט מעריב מיט גרויס כוונה, געטראַכט פון גרויסע זאַכן, און וואו זײַנען פאַרט אונדזערע פערד?

# האָסט נאָך אַ האָן?

אַ צדיק איז אַמאָל פאַרבייגעפאָרן אַ קרעטשמע און האָט זיך אָפּגעשטעלט עפּעס נעמען אין מויל. ער קומט אַריין, דערזעט ער אַ גרויסן עולם, זיצנדיק אַרום שיין־געדעקטע טישן, קומט צו דער אַרענדאַר צום צדיק און זאָגט אים: — רבי, איך פּראַווע היינט אַ ברית. מײַן ווייב האָט מיר געבוירן אַ זון... און אַזוי ווי ס'האַלטן זיך ביי אונדז ניט קיין קינדער, זייט ביים ברית, אפשר, אין אייער זכות, רבי, וועט דאָס קינד שוין ביי אונדז בלייבן לעבן...

האָט דער צדיק צוגעשטימט. מען האָט אים אָפּגעגעבן קוואַטערשאַפט, און נאָך דער סעודה, ווען דער צדיק האָט געוואָלט פאָרן אַהיים, האָט דער אַרענדאַר אים געבעטן בלייבן אויף נאָך עטלעכע טעג... האָט דער הייליקער צדיק געטראַכט, וואָס האָט ער זיך טאַקע וואָס צו אײַלן? איז אַוועק אַ וואָך און צוויי און דריי און דער צדיק רירט זיך ניט פון אָרט... איז צו אים צוגעקומען דער אַרענדאַר און זיך אָנגערופן:

— הייליקער צדיק, איך האָב אייך שוין אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע איי, דאָס לעצטע ביסל מילך, איך בין אַליין אַ איד אַן אָרעמאַן. פאָרט געזונטערהייט אַהיים.

— גוט, גוט! — זאָגט דער צדיק, — וועק מיך אויף פינף אַזייגער פאַרטאָג, וועל איך נעמען די ערשטע באַן און וועל פאָרן אַהיים.

די גאַנצע נאַכט האָט דער אַרענדאַר געהיט די מינוט. פונקט פינף אַזייגער איז דער אַרענדאַר צוגעגאַנגען צום רבי׳ן און אים געוועקט:

— הייליקער צדיק! דער האָן האָט ערשט געקרייעט פינף.

— האָסט נאָך אַ האָן? — האָט געפרעגט דער צדיק און זיך איי־בערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט?

## וואָס איז די אײלעניש

ווען ס׳האָט אין סלאָבאָדקע אָנגעהויבן גיין אַ באַן, זיינען קינד און קייט געלאָפן אָנקוקן דעם וואונדער. ס׳זיינען אויך געקומען די חסידים. נאָכדעם זיינען זיי אַוועקגעלאָפן צום רבי׳ן:

— אוי, רבי, האָט איר געדאַרפט זען די באַן! ס׳לויפט ווי מיט רוחות.

— עט! — מאַכט דער רבי, — אָט ווי דאָס לויפט. לויפט עס נאָך ניט, אַזוי שנעל ווי די פּאָטשטאָווע פערד!

— אוי, רבי, זאָלט איר געזונט זיין. מיט די פּאָטשטאָווע פערד פון סלאָבאָדקע קיין קיעוו דאַרף נעמען דריי טעג. און מיט דער באַן נעמט בלויז דריי שעה...

— איז וואָס איז די אײלעניש, וואָס מען דאַרף נעמען דריי שעה?

— טאָמער, חלילה, אַן אומגליק, רבי, און מען דאַרף ראַטעווען אַ מענטשנס לעבן!

— נו, — זאָגט דער צדיק, — פאָרט מען אַרויס דריי טעג פאַרן אומגליק, קאָן מען נאָך אַלץ אָנקומען מיט די פּאָטשטאָווע פערד פריער ווי מיט דער באַן...

## ס׳איז אים נעבעך פאַרדרייט דער קאָפּ

דריי טעג נאָכדעם, ווי דעם צדיק׳ס ווייב איז געשטאָרבן, קומט אַריין דער שמש און זעט, ווי דער רבי גלעט אַ יונג שיין ווייבל.

— גאָט איז מיט אייך, רבי! — רופט אויס דער שמש, — ערשט דריי טעג, ווי אייער רבי׳צין איז געשטאָרבן!...

— ס׳מיר אַזוי פֿאַרדרייט מיין קאָפּ... איך ווייס דען וואָס איך טו?

— האָט דער צדיק געענטפערט.

## ניט דאַרפֿן מטריח זיין די מלאכים

אַ איד איז אַמאָל געקומען צום רבי׳ן און געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל אים געבן זיין ברכה, ווייל ער פֿאָרט קיין ארץ־ישראל.

— נאָך וואָס פֿאָרסטו קיין ארץ־ישראל? — האָט געפֿרעגט דער רבי.

— ווייל איך וויל, אַז מיינע ביינער זאָלן רוען אין דער הייליקער ערד. און איר, רבי, האָלט אויך געדאַרפֿט פֿאָרן קיין ארץ־ישראל, וועט איר ניט דאַרפֿן איבער הונדערט יאָר אַרום מטריח זיין די מלאכים, אַז זיי זאָלן איי׳ערע ביינער דאַרפֿן איבערטראָגן פֿון דאַנען אַהין...

— איך וועל ניט דאַרפֿן מטריה זיין די מלאכים, — האָט געזאָגט דער רבי, — וואָרום די מלאכים, וואָס וועלן דיינע ביינער ברענגען אַהער, וועלן נעמען מיינע ביינער אַהין...

## היינטיקע זינדיקע

אַ איד איז געקומען צום באַוואוסטן רבי געצעלע. זעט ער ווי דער רבי וואוינט אין אַ פּאַלאַץ, פֿאָרט אין אַ קאַרעטע מיט פיר פערד; די רבי׳צין — אָנגעטאָן אין זייד און אין סאַמעט, באַהאַנגען מיט פּערל און בריליאַנטן, דערצו — אַ סך דינער. פרעגט דער איד:

— רבי, ווי קומט עס, וואָס אַמאָליקע רביים האָבן געלעבט אין דחקות, ניט געהאַט אַמאָל קיין ברויט צו דער זאַט, און היינטיקע רביים לעבן אין גרויס עשירות?

האָט דער צדיק ר׳ געצעלע געענטפערט:

— אַמאָל זיינען געווען זייער ווייניק זינדיקע, דערצו נאָך גרויסע קבצנים. אָבער היינטיקע בעלי־עבירה׳ניקעס זיינען רייכע הולטאַיעס, קו־מען זיי צום רבי׳ן, גיבן אַ גרויסן פּידיון אום אויסצוקויפן זייערע זינד... טאָ פֿאַרוואָס זאָל דער רבי ניט לעבן אין לוקסוס?...

## וועגן פּידיון

צו ר׳ ישראל סאלאנט איז געקומען אַ איד פרעגן אַן עצה וועגן זייער אַן אַנגעוויטיקטער פראַגע.

דער רב האָט אים אויסגעהערט און געראַטן וואָס צו טאָן. נעמט דער איד אַרויס אַ היפשע סומע געלט און גיט אים.

— פאַרוואָס גיט איר מיר געלט? — פרעגט ר׳ ישראל סאַלאַנט.

ענטפערט דער איד: — ביי אונדז איז אַ מנהג, אַז אַ גוטן־אידן גיט מען פאַר זיין עצה אַ פּידיון.

ענטפערט דער רב: אַ גוטער איד דאַרף געבן און ניט נעמען...

## וואַסער אין מויל

אַ ווייבל איז אַמאָל געקומען צום רבי׳ן און זיך באַקלאָגט, אַז איר מאַן איז אַ פשוטער מערדער. אינדערפרי, ווי נאָר ער עפנט די אויגן, עפנט ער ס׳מויל: שעלט, שרייט און זידלט זי מיט די ערגסטע ווערטער. וואָס איז? ער האָט אַ טבע, ווען ער גייט שלאָפן צעוואַרפט ער זיינע קליידער איבער דער גאַנצער שטוב און אינדערפרי, ווען ער קאָן עפּעס ניט געפינען, לאָזט ער אויס זיין כעס צו איר... און אויפדערנאַכט, ווען ער קומט פון זיין באַשעפטיקונג, זוכט ער באַלד צו פאַרפירן אַ קריג: דאָס שמעקט אים ס׳עסן פאַרברענט; הלמאי איך גיי ניט שיין אָנגעטאָן; דאָס הויז איז ניט ריין... וועל איך אים שווייגן? גיב איך אים אַ גאָב, ווי ער פאַרדינט... שלאָגט ער מיך ווי אַ רוצח...

— גיי אַהיים, טאָכטער, — האָט דער רב זיך אָנגערופן, — און געדענק: ווען דיין מאַן שטייט אויף אינדערפרי און נעמט שרייען אויף דיר, נעם אין מויל אַ ביסל וואַסער און האַלט עס ביז ער גייט אַוועק פון הויז, און אין אָוונט, ווען ער קומט אַהיים און זוכט צו פאַרפירן אַ קריג מיט דיר, נעם ווידער אַריין אַ ביסל וואַסער אין מויל און האַלט עס ביז ער לייגט זיך שלאָפן...

דאָס אָרעמע ווייבל האָט געטאָן ווי דער רבי האָט איר געהייסן... איז אַוועק אַ צייט און דער מאַן האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זיך, ווי ער וואָלט טאַקע געווען אַ מערדער. ער שרייט און באַליידיקט ס׳ווייב, און זי, נעבעך, שלינגט אַרונטער זיינע זידלערייען... ביז וואַנען קאָן דאָס אַ מענטש אַזוי ליידן? און ס׳האָט אים אָנגענומען אַ רחמנות צום ווייב. האָט ער איר געקויפט אַ שיינע מתנה און זי געבעטן, אַז זי זאָל אים

מוחל זיין זיינע זינד... פון דאַן אָן האָט שוין געהערשט שלום־בית צווישן דעם פּאָרפאָלק.

## ס׳זאָל ניט מקוים ווערן...

אַ אידענע איז געקומען צום רבי׳ן און זיך באַקלאָגט, אַז איר מאַן גיט צדקה איבער זיינע כוחות. ער וויל גאָרניט וויסן, אַז עס קאָן קומען אַ צייט, „ווען מיר׳ן אַליין ניט האָבן...“

נאָך דער אידענע איז אַריינגעקומען אַ איד און זיך באַקלאָגט, אַז זיין ברודער איז שטיין־רייך און ער גיט ניט קיין צדקה. אַ מענטש קאָן זיך אויסציען פאַר זיינע אויגן, אַרט עס אים ווי דער וואַנט. „אפילו מיר, זיין אייגענעם ברודער, לאָזט ער שטאַרבן פון הונגער מיט ווייב און קינדער און קומט אונדז ניט צו הילף“...

דער רבי האָט געשיקט רופן ביידע אידן. צוערשט האָט ער גע־פרעגט דעם אידן, וואָס גיט צופיל צדקה:

— דיין ווייב באַקלאָגט זיך, אַז דו גיסט צדקה איבער דיינע כוחות. ווי וועט זיין, אַז דו וועסט אַליין ניט האָבן? — האָט דער רבי געפרעגט.

— וועל איך ערשט ניט האָבן, אָבער די וועמען איך העלף, האָבן דאָך שוין ניט! — האָט דער איד געענטפערט. — הערט, רבי, איך טראָג זיך אַרום מיט אַ שרעק אין האַרצן, אַז איך וועל שטאַרבן יונג. איז אַזוי לאַנג ווי איך לעב, וויל איך העלפן מענטשן אין זייער נויט..

דער רבי האָט זיך נאָכדעם גענומען צום צווייטן אידן:

— זאָג מיר, פאַרוואָס גיסטו ניט קיין צדקה? ביסט דאָך אַ רייי־כער איד און דו ווייסט, אַז תכריכים האָבן ניט קיין קעשעניעס... מען גיט גאָרניט מיט אויף יענער וועלט, — האָט דער רבי גע׳מוסר׳ט דעם אידן.

— פאַרשטייט איר, רבי, — האָט דער איד גע׳טענה׳ט, — איך בין נאָך יונג און קאָן פאַרדינען געלט. מוז איך זיך פאַרזאָרגן אויף דער עלטער, ווען איך וועל שוין מער ניט קאָנען פאַרדינען. איך האָב אויך מורא, טאָמער לעב איך אַריין אין טיפן עלטער...

— הייסט עס, — האָט דער רבי געזאָגט, — איינער האָט מורא, אַז ער וועט שטאַרבן יונג, דער צווייטער, — אַז ער וועט שטאַרבן אַלט... ווינטש איך אייך, אַז אייער ביידנס שרעק זאָל ניט מקוים ווערן...

# פאָלקס־מעשיות וועגן רבנים

## ניין, ניין, אַ ניט האָט זי קיין שכל ניט

אין אַ קליין שטעטל האָט אַ אידענע געהאַלטן אַ קלייטל. איינמאָל איז אַ פּריצ׳טע אַריינגעקומען, געקויפט עפּעס און פאַרגעסן איר האַנט־בייטל אויף דער סטויקע. ווען זי האָט זיך באַלד אומגעקערט, האָט די אידענע געלייקנט שטיין און ביין, און גע׳טענה׳ט, אַז זי האָט דעם האַנט־בייטל ניט געזען. די פּריצ׳טע האָט אויפגעהויבן אַ גוואַלד, אַז זי האָט אין בייטל געהאַט הונדערט רובל! מענטשן זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן און געראָטן דער פּריצ׳טע, זי זאָל גיין צום רב. דער רב האָט אויך געשיקט רופן די אידענע. זיצט די פּריצ׳טע אויף איין שטול און די אידענע אויף אַ צווייטן, און דער רב שפּאַנט הין און צוריק איבערן חדר און רעדט צו זיך אַליין:

— ווען מען זאָגט איינמאָל, מ׳האָט ניט געזען, דאַרף מען זיך האַלטן ביים וואָרט, אַז מ׳האָט ניט געזען און אַז מ׳ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן!...

— מאַכט די אידענע:

— ניין, ניין, אַניט האָב איך אַליין קיין שכל ניט?...

## פאַרפל אָנשטאָט לאָקשן

איינמאָל, ערב תשעה באב, איז אַ אידענע געקומען צום רב מיט אַ שאלה:

— רבי, — זאָגט זי, — אויף תשעה־באב מאַך איך אַלע יאָר לאָקשן, און מיר עסן די לאָקשן מיט מילך, ווי עס פּירט זיך ביי אידן. היינטיקן ערב תשעה באב איז מיר דער קאָפּ געווען אַזוי פאַרדרייט, אַז אָנשטאָט לאָקשן האָב איך געמאַכט פאַרפל...

— זייער אַ האַרבע שאלה, — זאָגט דער רב און נעמט אַ ספר אין האַנט, בלעטערט און בלעטערט, ביז ער פאַרטיפט זיך אין איין בלעטל. דאַן ווענדט ער זיך צו דער אידענע:

— היינטיקס יאָר וועט אייך גאָט מוחל זיין. איר וועט עסן די פאַרפל מיט מילך... נאָר מירצעשעם איבעראַיאָר זאָלט איר ניט פאַרגעסן צו מאַכן לאָקשן.

די אידענע איז אַוועק און דער שמש האָט אַרויסגעפּלאַצט:

— איך פאַרשטיי איך ניט, רבי. קומט אַ נאַרישע אידענע מיט אַ נאַרישער שאלה און איר מאַכט פון דעם אַ גאַנצן וועזן.

— פאַרשטייסטו, — זאָגט דער רב, — איצט איז די אידענע געקומען מיט אַ נאַרישער שאלה. ווען איך לאָז זיך פון איר אויס, איז ווען זי וועט האָבן אַ וויכטיקע שאלה, וועט זי זיך שעמען צו קומען. דעריבער האָב איך געמאַכט אַזאַ ווענן פון דער נאַרישער שאלה...

## דער גוטהאַרציקער קצב

געווען אין אונדזער שטעטל אַ גוטהאַרציקער קצב, פלעגט ער געבן פלייש אויף באָרג צו אָרעמע פרויען. ער איז אָבער געווען אַ קנאַפּער קענער, פלעגט ער אַזוי פאַרשרייבן די חובות, אַז נאָר ער האָט געקאָנט פאַרשטיין. ווען ער איז געשטאָרבן האָט די פרוי געפונען אַ חוב מיט צען „פּא׳ען״ און איין „קוף״. האָט זי ניט געוואוסט ביי וועמען און וויפל צו מאָנען. האָט זי גענומען דאָס ביכעלע און איז אַוועק צום רב.

— זעט, רבי, ס׳איז פאַרשריבן אַ חוב מיט צען „פּא׳ען״ און איין „קוף״, וויים איך ניט ביי וועמען און וויפל צו מאָנען.

מאַכט דער רב: — וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין? אַ מינדסט קינד וואָלט דאָס געוואוסט. צען „פּא׳ען״ און איין „קוף״ מיינט, אַז דו דאַרפסט מאָנען ביי „פריידע־פייגע, פּייוולס פרוי, פאַר פינף פונט פלאַנקען, פינף און פופציק קאָפּיקעס״. אָט האָסטו אַ קלאָרן חשבון, ווי דער טאָג...

## מיט אַלע חסידים

דערציילט אַ איד:

ביי אונדז אין שטעטל זיינען אַמאָל געקומען ערב יום־כיפור צען חסידים און ס׳איז געווען בלויז איין האָן אויף צו שלאָגן כפרות. איז מען אַוועק צום רב פרעגן, וואָס מ׳זאָל טאָן. האָט דער רב געהייסן אויסגראָבן אַ טיפן גרוב, אַרונטערלאָזן אַלע חסידים, און פון אויבן זאָל שטיין דער שמש מיטן האָן און שלאָגן כפרות מיט אַלע חסידים...

# אידן האָבן אים געבראַכט צום רב

אידן זיינען יום־כיפור געגאַנגען אין שול אַריין און דורך אַ פענצטער דערזען ווי עס זיצט אַ איד און קייט אויף ביידע באַקן... האָבן זיי אים גענומען און געבראַכט צוטאַסקען צום רב.

— רבי, זעט, אָט־דער רשע האָט ערשט געגעסן אום יום־כיפור.

דער רב האָט דעם רשע גוט אויסגעמוסר'ט:

— ווי נעמט עס אַ איד און עסט אום יום־כיפור?!

— רבי, ווי איז דער דין, ווען איינער איז קראַנק, מעג ער עסן אום יום־כיפור?

— ס'געוועגדט זיך. אויב ער איז אַ חולה־מסוכן.

— הייסט עס, אַז עסן מעג איך, אום יום־כיפור, נאָר איך דאַרף זיין אַ חולה מסוכן? מעגט איר זיך שעמען, רבי, וואָס איר פאַרגינט ניט אַ אידן ס'שטיקל געזונט...

# מעשה׳לעך וועגן חזנים

## אַ גליק!

— דו ווייסט, יאַנקל, מ׳האָט מיך אָנגעשטעלט צום דאַווענען ראש־השנה און יום־כיפור אין אַ רייכן טעמפּל אויף פּאַרק עוועניו און איך וועל קריגן פינף טויזנט דאָלער פאַר די דריי טעג. ס׳איז נאָר דאָ דערביי איין צרה.

— וואָס איז די צרה?

— יעדע תפילה וועל איך דאַרפן פאַרענדיקן: „קאָקאָ קאָלאָ, קאָקאָ קאָלאָ“....

## זאָל ער כאָטש געבן אַ קוויטש

אַ איד פון אַ קליין שטעטל איז אַמאָל געפאָרן אין באַן, הערט ער, ווי איין איד רופט אָן אַ צווייטן „סיראָטא“. איז דער קליין־שטעטלדיקער צוגעגאַנגען צו סיראָטען און געפרעגט:

— דאָס זייט איר דער באַרימטער חזן סיראָטא?

— יאָ! — האָט געענטפערט סיראָטאַ.

— טאָ טוט מיר עפּעס אַ זינג, — האָט זיך געבעטן דער איד.

— ווי קאָן איך דאָ זינגען, אַז איך האָב ניט קיין נאָטן און ניט קיין פּיאַנאָ? — האָט געענטפערט סיראָטא.

— טאָ טוט כאָטש אַ קוויטש! — איז ניט אָפּגעטראָטן דער איד, — איך וויל, אַז ווען איך וועל קומען צוריק אין מיין שטעטל, זאָל איך קאָנען דערציילן, אַז איך האָב געהערט דעם באַרימטן חזן סיראָטאַ...

## ער איז ניט קיין חזן

נאָכדעם, ווי דער גבאי האָט פאַרהערט דעם נייעם חזן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיר קאָנען אייך ניט אָנשטעלן, ווייל איר זענט ניט קיין חזן!

— זאָל זיין, אַז איך בין ניט קיין חזן. אָבער איר׳ט דאָך צוגעבן, אַז איך בין אַ מבין אויף חזנות.

— נו, יאָ, איז וואָס? — זאָגט דער גבאי.
— זאָג איך אייך, אַז איך בין יאָ אַ חזן! — האָט געענטפערט דער חזן.

## צי ער האָט אַן אויער

אַ פאָטער האָט אַמאָל געבראַכט זיין יונגן זון צו אַ באַרימטן חזן און פאַרזיכערט דעם חזן, אַז זיין זון האָט אַן אויער פאַר מוזיק און געזאַנג. זאָל ער, דער חזן, אים פאַרהערן. האָט דער חזן צוליב געטאָן דעם פאָטער און פאַרהערט זיין זון.

— נו, וואָס זאָגט איר, אַ יאָ מיין זון האָט אַן אויער? — האָט דער גליקלעכער פאָטער געפרעגט.

— אַוודאי האָט ער אַן אויער, ער האָט צוויי אויערן... — האָט דער חזן געענטפערט.

## פאַרדינט אַ גרויסע מצווה

אַ איד אַ רשע איז געשטאָרבן. ווען ער איז געקומען אויף יענער וועלט פירט מען אים גלייך אין גיהנום.

— וואָס עפעס גיהנום? — האָט דער רשע פראָטעסטירט.

— ווייל דיין רעקאָרד וויזט, אַז דו האָסט ניט געהאַט קיין איין מצווה אין דיין לעבן, — האָט געזאָגט דער שוואַרצער מלאך.

— ס'איז ניט אמת! איך האָב יאָ געהאַט איינמאָל אַ גרויסע מצווה!
— איז באַשטאַנען דער רשע אויף זיין רעכט צו גיין אין גן־עדן און ער האָט דערציילט, ווי זיין פאָטער האָט אים איינמאָל באַזוירקט, אַז ער זאָל מיט אים מיטגיין שבת אין שול צו הערן אַ נייעם חזן... — גייענדיק פון שול האָב איך געהערט, ווי איין איד האָט געזאָגט צו אַ צווייטן: „האָסט שוין געהערט אַמאָל אַזאַ חזן אַ קאַליקע? ווען ס'געפינט זיך אַ־מיצער, וואָס זאָל אים איבערברעכן הענט און פיס, וואָלט ער געהאַט אַ גרויסע מצווה“... נו, האָב איך געפאַקט דעם חזן שפעט ביינאַכט און האָב אים צעבראָכן רוק־און־לענד...

## ס׳וואָלט געווען גוט, ווען...

— דו האָסט שוין וואו צו דאַווענען היינטיקן ראש השנה און יום־כיפּור? — האָט געפרעגט איין חזן ביי אַ צווייטן.
צווייטער חזן: — איך בין אָנגעשטעלט אין אַ גרויסער שול און וועל קריגן גוט באַצאָלט. ס׳שרעקט מיך אָבער ס׳האַרץ, ווייל מען דאַרף דאָרט קאָנען עברי, ברודער!...

## שוין איינמאָל אַ טרייסט...

אַ נייער חזן האָט אָפּגעדאַוונט שבת אין אַ שטעטל, און גייענדיק צו זיין אכסניה האָט אים איינער אָפּגעשטעלט און געזאָגט:
— ווי האָט איר עס אַזאַ חוצפּה צו דאַווענען פאַרן עמוד? ניט קיין שטימע, ניט קיין עברי, אַ שאַנדע, כ׳לעבן!...
געקומען אויף דער אכסניה, דערציילט דער חזן דעם באַלעבאָס, ווי אַזוי אַ איד האָט אים באַליידיקט.
— נעמט אייך ניט צום האַרצן, — האָט אים געטרייסט דער בעל־אכסניה, — איר מיינט אַז דאָס האָט ער געזאָגט פון זיין קאָפּ? ער האָט געהערט די באַלעבאַטים ריידן, פּלאַפּלט ער נאָך...

# פאָלקס־מעשיות וועגן שיכּורים

## וואָס מ׳הערט זיך אַלץ אָן...

אַ דאָקטאָר האָט געהאַט אַ פּאַציענט, וואָס איז געווען טויב ווי די וואַנט צוליב דעם, וואָס ער האָט אַ סך געשיכּור׳ט. האָט אים דער דאָקטאָר געראַטן ער זאָל אויפהערן טרינקען, וועט ער צוריקקריגן זיין געהער. האָט דער פּאַציענט געפאָלגט דעם דאָקטאָר און אויפגעהערט שיכּור׳ן. איז ווען דער דאָקטאָר האָט אָנגעטראָפן דעם פּאַציענט, האָט ער גערעדט צו אים און איז געווען גליקלעך, וואָס זיין עצה האָט גע־ראַטעוועט דעם מענטשן, סיי פון שיכּרות און סיי פון טויבקייט.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט דער דאָקטאָר ווידער געטראָפן דעם פּאַציענט, טויט־שיכּור און טויב ווי די וואַנט. האָט ער אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט זיך ווידער גענומען צו שיכּרות. האָט דער שיכּור געענטפערט:

— וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט, ווען איך האָב אויפגעהערט טרינ־קען, האָב איך שוין בעסער געוואָלט ווערן צוריק טויב...

## זאָל שוין זיין פאַרקערט

אַ אידענע איז אַמאָל געקומען צום רבי׳ן און געקלאָגט זיך, אַז איר מאַן איז געוואָרן אַ שיכּור. ער האָט שוין רואינירט זיינע געשעפטן, מען געפינט אים אין גאַס אין דער גרעסטער בלאָטע אַ שיכּור׳ן....

האָט דער רבי געשיקט רופן דעם אידן, אים גוט אויסגע׳מוסר׳ט און אים געהייסן געבן אַ תקיעת־כּף, אַז מער וועט ער ניט נעמען אין מויל אַריין דעם ביטערן טראָפּן.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז דער שיכּור געוואָרן זייער קראַנק. האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס ער האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט טרינקען שנאַפּס, וועט ער דאַרפן ווידער אָנהויבן טרינקען צו ביסלעך. האָט דער שיכּור געזאָגט, אַז ער האָט דעם רבי׳ן געגעבן דאָס וואָרט, אַז ער וועט מער זיך ניט צורירן צום ביטערן טראָפּ...

— אויב איר וועט זיין אַן עקשן און ניט טאָן, וואָס איך הייס אייך, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, — וועלן אייך צוויי האַלטן און אַ דריטער וועט אייך אַריינגיסן....

— אויב ס׳האַלט אַזוי שלעכט, — האָט דער שיכור געזאָגט, — טאָ זאָל מיך איינער האַלטן און צוויי זאָלן מיר אַריינגיסן...

## איך שולד...

אַ יונג פּאַרפּאָלק האָט געוואוינט אין אַ דאָרף און דאָס ווייבל איז געגאַנגען שווער צום קינד. האָט די באָבע געשיקט דעם מאַן אין שטאָט צו קויפן עפּעס אַ מעדיצין צו פאַרגרינגערן דעם ווייבל די ווייען. אויפן וועג האָט דער יונגערמאַן, וואָס האָט ניט פיינט געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ קרעטשמע... ער האָט געמאַכט איין כוסה נאָך דער אַנדערער, ביז ער איז איינגעשלאָפן ווי אַ טויטער. ערשט אויף מאָרגן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און זיך דערמאָנט, אַז ס׳ווייב גייט צו קינד, און אַז ער דאַרף איר ברענגען אַ רפואה... איז ער געלאָפן אין שטאָט פייל־אויסן־בויגן, געקויפט דאָס פלעשל מעדיצין און געלאָפן אַהיים. אויף דער שוועל פון ווין שטוב האָט ער זיך אויסגעגליטשט און צעבראָכן דאָס פלעשל... איז ער געוואָרן זייער בייז און האָט האָט אויסגערופן:

— איך אַז עס קומט עפּעס אָן איז געפערלעך!...

## אויב אַזוי איז עפּעס אַנדערש...

אַ שיכור האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז מער וועט ער ניט טרינקען; פשוט אַ רחמנות אויף ווייב און קינדער, וועלכע ליידן הונגער צוליב אים. איז כדי אויספּרובירן זיין באַשלוס, איז ער פאַרבייגעגאַנגען צוואַנציק שענקען. האָט ער זיך געגעבן אַליין אַ קלאַפּ אין פּלייצע און געזאָגט:

— שלמה, אַז דו ביסט פאַרבייגעגאַנגען צוואַנציק שענקען און ניט אַריין אפילו אין איינער, ביסטו ווערט אַ „טריט“... — און ער איז אַריין אין דער איין־און־צוואַנציקסטער שענק...

## ער לעקט ניט קיין האָניק

אַ מאַן האָט נאָכאַנאַנד געשיכור׳ט און ס׳האָט ניט געהאָלפן דער ווייב׳ס וויינען און קלאָגן. ווי נאָר ער האָט אָפּגענומען זיינע שכירות, איז ער אַוועק אין אַ שענק... איז אים זיין ווייב איינמאָל נאָכגעגאַנ־

געוו. זי קומט אַריין אין שענק, זעט זי ווי איר מאַן לאָזט זיך וואוילגיין, זיצט ביי אַ טישל און לעבן אים אַ גרויסע פלאַש בראָנפן. איז די אַי־דענע צוגעלאָפן מיט אַ גוואַלד:

— ישוין זאָלסטו גיין אַהיים!...

— איך וועל גיין, — האָט דער שיכור געזאָגט, — נאָר פריער טרינק אַליין אויס אַ גלעזל.

האָט די פרוי גענומען דאָס גלעזל צו די ליפן, פאַרזוכט און אויס־געשריפן:

— ס'איז דאָך ביטער ווי גאַל!...

— וואָס האָסטו געמיינט, אַז איך לעק דאָ האָניק? — האָט דער מאַן געענטפערט.

# אַנעקדאָטן און מעשה'לעך וועגן גנבים

## אידישע פערד

אין אַ קליין שטעטל איז געווען אַ כּאַפּטע פערד־גנבים. דאָרט האָט אויך געוואוינט אַן אָרעמער איד, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פערד און וועגעלע. פלעגט ער זיך אַרויסלאָזן אַלע טאָג אויף די דערפער איינקויפן אייער, הינער, פּעלעכלעך און פון דעם קוים געצויגן אַ שטיקל ברויט.

איינמאָל, אין אַ זומער־נאַכט, האָט ער אויסגעשפּאַנט ס'פערדל, דאָס געלאָזט זיך פּאַשען צוזאַמען מיט די פויערשע פערד אויפן פעלד און שוין אַליין גענעכטיקט אין דאָרף. אינדערפרי, ער כאַפּט זיך אויף, ניטאָ קיין סימן פון קיין פערד... איז דער איד אַוועקגעלאָפן אין שטאָט, אַריין אין שול מיט אַ געוויין:

— אידן, האָט רחמנות! אונדזערע פערד־גנבים האָבן אַוועקגעגנב'עט מיין אָרעם פערדל. וואָס וועל איך איצט טאָן? ס'וועט מיר אויסקומען מיט ווייב און קינדער נאָר גיין איבער די הייזער!

האָבן אידן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן די פערד־גנבים און זיי געפונען אין אַ שענק...

— גזלנים, וואָס איר זייט! איר נעמט צו ביי אַן אָרעמען אידן דאָס פערדל! — האָבן אידן געזידלט. — איר האָט שוין גאָרניט קיין גאָט אין האַרצן?...

— ווי אַזוי האָבן מיר געדאַרפט וויסן, אַז דאָס איז אַ אידיש פערדל? נאָר מיר'ן אים געבן דאָס פערדל צוריק מיט אַ תנאי, אַז ער זאָל דעם פערד אָנטאָן אַ קמיע (קאמייע), וועלן מיר וויסן, אַז דאָס איז אַ אידיש פערד...

## זיך פאַרזינדיקט

אַ באַלעגאָלע איז געקומען פון וועג, האָט ער אויסגעשפּאַנט ס'פערד, דאָס צוגעבונדן צום פּלויט פון זיין שטוב און איז אַריין אין הויז עפּעס עסן.

גייען פאַרביי צוויי גנבים. רופט זיך אָן איינער:

— זע נאָר, אַ שיין פערד! איך וועל דאָס אַוועקפירן און דו בלייב דאָ שטיין, טאָמער קומט אַרויס דער באַלעבאָס, וועסטו שוין וויסן וואָס צו טאָן...

דער באַלעבאָס קומט אַרויס און דערזעט, אויפן אָרט, וואו ס׳איז גע־שטאַנען דאָס פערד, שטייט אַ מענטש. רופט ער זיך אָן:

— דאָ איז דאָך ערשט געשטאַנען מיין פערד?!...

— איך בין אייער פערד, — ענטפערט דער גנב. — מיט צען יאָר צוריק האָב איך זיך פאַרזינדיקט, האָט מיך גאָט געשטראָפט און איך בין מגולגל געוואָרן אין אַ פערד. היינט האָבן זיך געענדיקט די צען יאָר — און איך בין ווידער אַ מענטש...

— טאָ גיי צום טייוול! — האָט דער באַלעגאָלע אויסגעשריען.

אויף מאָרגן איז דער באַלעגאָלע געפאָרן אויפן יריד קויפן אַן אַנדער פערד. ער טוט אַ קוק, ס׳שטייט זיין פערד לעבן אַ פויער. איז ער צוגע־קומען און אַריינגערוימט דעם פערד אין אויער:

— אַ בראָך צו דיר! האָסט שוין ווידער געזינדיקט?...

## דערציילט ניט

מ׳האָט אין געריכט אַריינגעבראַכט אַ גנב, וואָס האָט אַרויסגע׳גנב׳עט גאָלד און זילבער פון אַ רייך הויז. פרעגט אים דער ריכטער:

— ווי קומט עס, וואָס דו האָסט אַרויסגע׳גנב׳עט דאָס זילבער, די גילדענע בעכערס, און פאַר דיינע אויגן איז געליגן אַ פושקעלע מיט טייערע צירונג און דו האָסט עס ניט געטשעפעט?...

— איך בעט איך, הער ריכטער, — האָט זיך געבעטן דער גנב מיט טרערן אין די אויגן, — עסט מיר ניט אויף דאָס האַרץ. איך וועל האָבן גענוג פון מיין ווייב, ווען זי זעט זיך וועגן דעם דערוויסן...

## אפשר ווילט איר...

מ׳האָט אַריינגעבראַכט אין געריכט אַ גנב, וואָס האָט ביי איינעם אַרויסגע׳גנב׳עט אַ גאָלדענעם זייגער פון קעשעניע. דער גנב האָט גע־פאָדערט אַ לאָיער, וואָס זאָל אים פאַרטיידיקן. מ׳האָט אים באַוויליקט אַ יונגן לאָיער. ביי וועמען דאָס איז געווען די ערשטע „קעיס“. האָט ער אָנגעווענדט זייך גאַנצע לערע און חכמה, ביז ס׳איז אים געלונגען דעם גנב צו באַפרייען.

דער גנב איז נאָכדעם צוגעקומען צום לאָיער און זיך אָנגערופן:

— מיט וואָס קאָן איך אייך באַדאַנקען, אַז קיין געלט האָב איך ניט. סיידן איר ווילט דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס איר האָט אַזוי שווער גע־אַרבעט און באַוויזן דעם ריכטער, אַז איך האָב אים ניט גע׳גנב׳עט...

## יושר ?!...

אין אַ געריכט האָט מען אַריינגעבראַכט צוויי גנבים. איינער האָט גע־גנב׳עט אַ בינטל היי, און דער צווייטער — אַ מיליאָן דאָלער...

צוערשט האָט דער ריכטער אויסגעהערט דעם, וואָס האָט גע׳גנב׳עט אַ מיליאָן דאָלער, און אים צוגע׳פסק׳נט אַ מאָנאַט טורמע.

האָט זיך דער צווייטער גנב געטראַכט, אַז אויב פאַר אַ מיליאָן דאָ־לער גיט מען בלויז איין מאָנאַט טורמע, און ער האָט בלויז גע׳גנב׳עט אַ בינטל היי, וועט מען דאָך אים נאָך עפּעס צוצאָלן...

אָבער ווען דער ריכטער האָט אויסגעהערט די צווייטע „קעיס״, האָט ער אים צוגע׳פסק׳נט זעקס מאָנאַטן טורמע... איז דער גנב צוגעגאַנגען צום לאָיער און געפרעגט:

— וואָס טוט זיך דאָ? פאַר אַ מיליאָן דאָלער בלויז איין מאָנאַט טורמע, און פאַר אַ בינטל היי — זעקס מאָנאַט?

— זייט ניט קיין שוטה, — האָט דער לאָיער געענטפערט, — וואָס דענקט איר, אַ ריכטער קאָן מאַכן אַ לעבן פון היי?...

## ער רעדט דייטש...

מ׳האָט אַ דייטש באַשולדיקט אין געריכט, אַז ער האָט אַוועקגע־גנב׳עט צוויי פערד.

דער ריכטער איז געווען אַן אַמעריקאַנער, האָט ער געבעטן דעם עולם אין געריכט אויב אימיצער קאָן פרעגן דעם דייטש, צי ס׳איז אמת, אַז ער האָט גע׳גנב׳עט די צוויי פערד. האָט זיך געפונען אַ אידל, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער קאָן גוט די דייטשע שפּראַך... און ער האָט זיך געווענדט צום גנב אויף דייטש:

— דער אָדון הגדול איז אינען חושד, אַז זי האָבן גע׳לקח׳נט צוויי סוסים, איז דאָס וואָר?

דער דייטש האָט אַ מאַך געטאָן מיט די פּלייצעס, אַז ער פאַרשטייט ניט אַ וואָרט.

רופט זיך אָן דער איד:

—הער ריכטער, ער איז ניט נאָר אַ גנב, ער איז אַ ליגנער אויך, וואָרום ער איז גאָר קיין דייטש ניט...

# כעלעמער מעשה׳לעך

## זיי ווילן אינגאַנצן

ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלט האָט ער אויסגעטיילט מתנות: איינעם אַ טאַלאַנט צו זינגען, אַ צווייטן צו זיין אַ שרייבער, אַ דריטן אַ מאָלער. אָבער די כעלעמער זיינען דערביי ניט געווען. ווען זיי זיינען געקומען האָבן זיי געוואָלט, אַז מען זאָל זיי אויך עפּעס געבן. האָט מען זיי געזאָגט, אַז מ׳האָט שוין אַלע מתנות צעטיילט, ס׳איז בלויז געבליבן די נאַרישקייט. איז אויב זיי ווילן, וועט מען זיי געבן האַלב. האָבן זיי געזאָגט, אַז אויב נעמען, ווילן זיי אינגאַנצן און ניט האַלב. האָט מען באַוויליקט זייער פאַרלאַנג... פון דאַן אָן זיינען די כעלעמער גאַנצע נאַראָנים....

## געטראָגן דעם שמש

אין כעלעם איז אַמאָל פרייטאָג צונאַכטס אויסגעפאַלן אַ געדיכטער שניי. האָבן זיך די אינגלעך געפרייט, אַז שבת וועלן זיי זיך קאָנען שליטלען. זיי האָבן זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז דער שמש גייט איבערפרי עפענען די שול, וועט ער צעטרעטן דעם שניי. זיינען זיי אויפגעשטאַנען, ווען גאָט אַליין איז נאָך געשלאָפן, אויפגעוועקט דעם שמש און אים געטראָגן אין שול אַריין...

## הענגען אַ שוסטער

אין כעלעם האָט זיך אַ שניידער שטאַרק פאַרזינדיקט. האָט מען אים פאַר׳משפּט צו הענגען. איז געקומען דער רב אין געריכט און געבעטן, מ׳זאָל דעם שניידער באַפרייען, וואָרום די שטאָט האָט נאָר איין שניידער, און וואָס וועט די שטאָט טאָן אָן אַ שניידער? מיר האָבן אָבער צוויי שוסטער, טאָ הענגט אויף איין שוסטער, — האָט דער רב זיך געבעטן. און מ׳האָט ז׳עם רב צוליב געטאָן און אויפגעהאַנגען איין שוסטער...

## הובליעווען די ברעטער אָדער ניט?

מען האָט אין כעלעם געבויט אַ באָד. ווען ס׳איז געקומען צום לייגן די ברעטער פאַרן דיל האָבן איינִיקע גע׳טענה׳ט, אַז מ׳דאַרף די ברעטער אָפּהובליעווען. זיינען אַנדערע באַשטאַנען, אַז מען וועט די ברעטער אָפּ־הובליעווען וועט מען זיך אויסגליטשן. האָבן גאָר אַנדערע געזאָגט, אַז מען וועט די ברעטער ניט הובליעווען, וועט מען זיך צעשטעכן די פיס... טאָ וואָס זאָל מען טאָן?

איז געבליבן גיין צום רב. האָט דער רב געהייסן יאָ אָפּהובליעווען די ברעטער, אָבער לייגן מיטן אָפּגעהובליעווטן אַראָפּ...

## ווער זאָל זיך ריכטן, אַז ס׳וועט רעגענען?

צוויי כעלעמער אידן זיינען געגאַנגען אין גאַס. איינער האָט געטראָגן אַ שירעם. מיטאַמאָל האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שרעקלעכער רעגן. רופט זיך אָן דער, וואָס אָן דעם שירעם, צו דעם מיטן שירעם:

— עפן אויף דעם שירעם! זעסט דאָך, אַז ס׳ליאַפּעט מיט שעפל און מיט לעפל.

— צי וואָס עפענען דעם שירעם, אַז ער איז פול מיט לעכער?...

— טאָ צו וואָס האָסטו אים מיטגענומען?

— ווער האָט זיך געדאַרפט ריכטן, אַז ס׳וועט רעגענען?... — האָט דער אייגנטימער פון שירעם געענטפערט.

## יאָ אָדער ניין

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך אויפגעכאַפּט די כעלעמער רבי׳צין פון שלאָף און ניט געפונען דעם מאַן. האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ גוואַלד, אַז דער רב איז פאַרפאַלן געוואָרן. האָבן זיך אידן אַרויסגעלאָזט אויף די פעלדער און אין די וועלדער זוכן דעם רב. האָט מען געפונען אַ טויטן קערפּער אָן אַ קאָפּ. זאָל דאָס זיין דער כעלעמער רב, טאָ וואו איז זיין קאָפּ? און אפשר האָט ער גאָרניט געהאַט קיין קאָפּ?

איז מען אַוועק פרעגן די כעלעמער רבי׳צין, צי איר מאַן האָט גע־האַט אַ קאָפּ. האָט זי געענטפערט, אַז דער רב פלעגט שמעקן טאַבאַק. און אַז מ׳שמעקט טאַבאַק, האָט מען דאָך אַ נאָז, און די נאָז דאַרף זיך

אויף עפּעס האַלטן... האָט דער רב אַוודאי יאָ געהאַט אַ קאָפּ. אָבער זי־כער איז זי ניט...

איז מען אַוועק פרעגן בייב שמש, צי דער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ. האָט דער שמש געענטפערט, אַז דער רב פלעגט דאַווענען מיט אַן אי־בערגעדעקטן טלית. צי ס׳איז געווען אונטערן טלית אַ קאָפּ, ווייסט ער ניט. איז מען געגאַנגען פרעגן ביים בעדער. האָט דער בעדער געזאָגט, אַז דער רב פלעגט תמיד זיצן אויף דער אויבערשטער באַנק. צי ס׳איז דאָרט געווען אַ קאָפּ, ווייסט ער ניט, ווייל ס׳האָבן זיך בלויז אַרויסגעזען די פיס...

איז מען אַוועק צום רבי׳ן פרעגן, צי ווייסט ער ניט, צי דער כע־לעמער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ? האָט דער רבי געהייסן נאָכזוכן, צי דער רב האָט איבערגעלאָזט אַן אָנגעשריבענעם ספר. אויב יאָ, זאָל מען דעם ספר אים ברענגען, וועט ער זען, צי דער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ. האָט מען געזוכט און געפונען אַן אָנגעשריבענעם ספר. געבראַכט דעם ספר צום רבי׳ן, האָט ער אים דורכגעלייענט און געזאָגט:

— אייער כעלעמער רב האָט ניט געהאַט קיין קאָפּ!...

## אוים מיט די זאָרגן

אין כעלם האָט מען געמאַכט אַן אסיפה, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַנשטאָט יעדער כעלעמער זאָלן אַליין זאָרגן, זאָל מען אַוועקזעצן דעם שמש, אַז ער זאָל זיך זאָרגן פאַר גאַנץ כעלם, און דערפאַר זאָל מען דעם שמש צאָלן אַ רובל אַ וואָך. זיינען אַלע געווען צופרידן מיטן באַשלוס. אָבער באַלד האָט זיך געכאַפּט דער רב, אַז זויבאַלד דער שמש וועט קריגן אַ רובל אַ וואָך, טאָ צו וואָס וועט ער שוין דאַרפן זאָרגן?...

# מעשה׳לעך וועגן מאָלעריי

## ער פרעגט נאָך

אַ באַרימטער מאָלער האָט אַמאָל איינגעלאַדן אַ קונסט־הענדלער. דער הענדלער האָט באַטראַכט די בילדער און מיט גרויס באַגייסטערונג אויסגערופן:

— די טעכניק איז וואונדערבאַר. אָבער וואָס ווילט איר?...

— וואָס איך וויל? — האָט דער מאָלער געענטפערט, — איך וויל זיי פאַרקויפן. איר האָט אפשר אַ קונה?

## מען קאָן זיי נאָך באַשולדיקן

צוויי אינגלעך זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַ מוזיי. רופט זיך אָן איינער: „לאָמיר אַריינגיין!" קומען זיי אַריין און דערזעען אימפּרעסיאָניסטישע קונסט־בילדער. זאָגט איינער:

— זע נאָר, ווי די בילדער זיינען אָנגעפּאַטשקעט...

זאָגט דער צווייטער:

— לאָמיר אַרויס פון דאַנען. מען קאָן נאָך מיינען אַז מיר האָבן דאָס געטאָן...

## פון קאָפּ

אַמאָל האָט אַ מאָלער געוויזן זיינע אַ מאָלעריי צו אַ סטודענט. פרעגט דער סטודענט דעם מאָלער:

— דאָס מיסט אויפן בילד האָט איר געמאָלן פון דער נאַטור?

ענטפערט דער מאָלער:

— ניט פון דער נאַטור, נאָר פון קאָפּ...

## טאַקע, נו?

אַ מאָלער האָט אַמאָל געוויזן זיין אַלטער מאַמען אַ בילד, וואָס ער האָט געמאָלן, ווי ס'זיצט די הייליקע מאַריע, מיט איר קינד יעזוס אויפן שויס, און אַרום איר די אַפּאָסטאָלן.

פרעגט די אַלטע:

— פאַרוואָס גייען די לייטע באָרוועס?

ענטפערט דער זון:

— זיי האָבן ניט געהאַט קיין געלט אויף שיך.

— ניט געהאַט קיין געלט אויף שיך, און אויף נעמען בילדער האָט מען געהאַט, — האָט די אַלטע געזאָגט.

## מיטגעפיל

אַ מאָלער האָט אַמאָל גענומען זיין פינף־יאָריקן זון אין אַ מוזיי און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ מאָלעריי און דערקלערט זיין זון דאָס בילד, אַז אַמאָל איז אַ מאַן פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין וואַלד, האָבן אים חיות צעריסן און אויפגעגעסן. איז נאָר פון אים געבליבן דער לעבער. פלעגט אַלע טאָג קומען אַן אָדלער און אויפעסן אַ שטיקל לעבער...

דאָס קינד איז געוואָרן זייער טרויעריק און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן. דער פאָטער האָט זיך זייער דערפרייט, וואָס זיין פינף־יאָריקער זון האָט באַנומען די טראַגעדיע. האָט ער אים געפרעגט:

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי טרויעריק?

האָט דאָס קינד געענטפערט:

— ווייל איך האָב רחמנות אויפן אָדלער, וואָס ער האָט געדאַרפט עסן יעדן טאָג לעבער...

## גוט אַריינגעזאָגט

ביי אַ קונסט־אויסשטעלונג איז אַ פרוי געלאָפן פון איין בילד צום צווייטן — אַ קוק געטאָן גיך, גיך, און געלאָפן ווייטער... דער מאָלער פון דער אויסשטעלונג האָט דאָס צוגעזען, האָט ער זיך אָנגערופן צו דער פרוי:

— איר וואָלט געוועזן געדאַרפט מיטברענגען אייער מאַן, וואָלט ער

געקוקט אויף איין וואַנט און איר אויף דער צווייטער, וואָלט איר שנעל פּאַרטיק געוואָרן...

## ממזרים

אין אַ זומער־טאָג זיצן עלטערע אידן אין פּאַרק אויסגעזעצט אין באַקוועמע שטולן און דערציילן זיך מעשׂיות. איך קום אָן, ווי איינער דערציילט:

איך בין אַמאָל געווען אַ שמש אין אַ שול אויף דער איסט־סאַיד. קומט אַריין אַ פּאַרסאַפּעטער איד און רופט זיך אָן צו מיר:

— הערט, שמש! איך האָב יאָרצייט נאָך מיין טאַטן, ווייל איך, אַז איר זאָלט צוזאַמענרופן אַ מנין, אָנצינדן ליכט און זאָגן קדיש. נאַט אייך דערפאַר אַ טשעק פאַר צען דאָלער.

בין איך אַרומגעלאָפן, קוים צוזאַמענגעשלעפּט זיבן אידן מיט דריי בר־מצוות אינגלעך, אָנגעצונדן ליכט און געזאָגט קדיש.

אויף מאָרגן האָב איך געגעבן מיין ווייב דעם טשעק, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דאָס איז אַ פאַלשער טשעק. גיט מיר מיין אידענע אַ גאָב, ווי איך האָב פאַרדינט:

— ווי איז דאָס אַ מענטש אַזאַ בהמה און נעמט ביי אַ פרעמדן אידן אַ טשעק?

זאָג איך: — אידענע וואָס דו ביסט! מיך אַרט ניט, וואָס איך בין אַרומגעלאָפן צוזאַמענצושלעפּן אַ מנין, מיך אַרט ניט מיין קדיש זאָגן, מיך אַרט ניט ס'געלט. וואָס מיך אַרט איז, צי דער ממזר האָט אינגאַנצן געהאַט אַ טאַטן!

רופט זיך אָן אַ צווייטער איד: — אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט אַ ממזר: ביי אונדז אין שטעטל איז געקומען אַן אָרעמאַן, איז ער געגאַנגען פון שטוב צו שטוב בעטן נדבות און אין יעדער שטוב איז געזעסן אַ איד שבעה. ביז דער אָרעמאַן איז געקומען צום רב. ער טוט אַ קוק, דער רב זיצט אויך שבעה... פרעגט ער:

— רבי, וואָס איז ביי אייך אין שטעטל געווען, אַן עפּידעמיע, וואָס אַלע אידן זיצן ביי אייך שבעה?

— ס'איז ניט געווען קיין עפּידעמיע, — זאָגט דער רב, — נאָר ס'איז דאָ געשטאָרבן אַ ממזר, זיצן מיר אַלע אידן שבעה, ווייל מען ווייסט ניט ווער דער טאַטע איז געווען...

— איר זאָגט אַ ממזר, — האָט אַ דריטער איד גענומען ס'וואָרט.

— אין אונדזער שטעטל האָט דער שמש געפונען אויף די טרעפּ פון שול אַ ניי־געבוירן קינד, איינגעוויקלט אין שמאַטעס. האָט דער שמש אַריינ־גענומען דעם ממזר אין שול, און ווען דער עולם איז זיך צוזאַמענגע־געקומען דאַווענען האָט דער רב אויסגערופן: „יעדע מאַמע אין שטאָט, וואָס זויגט אַ קינד, זאָל אויך קומען אָנזויגן דאָס קינד“.

איז יעדע שעה אין טאָג געקומען אַן אַנדער פרוי אָנזויגן דאָס קינד. און אַזוי ווי ביי אונדז איז ניט געווען קיין שטאָט־זייגער, איז דער ממזר געוואָרן אונדזער שטאָט־זייגער“....

— הערט בעסער, וואָס איך וועל אייך דערציילן, — האָט אַ פּערטער איד זיך אַריינגעמישט: — מיינער אַ פריינט האָט געפייערט זיין 30־טן געבוירנטאָג, זיינען געקומען זיינע פינף בנים. ביי דער סעודה רופט זיך אָן דער ערשטער זון: „פּאַפּאַ, ס׳טוט מיר לייד, וואָס איך האָב דיר ניט געקאָנט קויפן קיין מתנה פאַר דיין געבורטסטאָג, ווייל איך האָב געמוזט קויפן אַ ניי הויז, אַ קאַר, נייע מעבל, בין איך געבראָכן... דער צווייטער זון האָט זיך באַקלאָגט, וואָס ער האָט געמוזט קויפן דעם ווייב אַ „מינק־קאָוט“ און ער האָט זיך אינגאַנצן אויסגעבייטלט... אַזוי איינער נאָכן אַנדערן... ביז דער פאָטער האָט זיך אָנגערופן: „קינדער, איר דאַרפט זיך ניט זאָרגן, וואָס איר האָט ניט געקויפט קיין געבורטסטאָג־מתנות. איך ווייס גאַנץ גוט וואָס עס מיינט צו זיין געבראָכן... ווען איך האָב געדאַרפט חתונה האָבן מיט אייער מאַמען, זיינען מיר געווען אַזוי אָרעם, אַז מיר האָבן ניט געהאַט קיין צווי דאָלער אויף „מערידזש לאַיסענס“...

— טאָ וואָס האָט איר געטאָן? — האָט געפרעגט איין זון.

— מיר האָבן געטאָן, וואָס אַ סך אידן טוען: געלעבט אָן לאַיסענס...

— האָט דער פאָטער געענטפערט.

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז מיר זיינען ממזרים? — האָט געפרעגט איינער פון די זין אויסער זיך.

— נאָך וואָסערע ממזרים! — האָט דער פאָטער געענטפערט, — די אמתע „סאַנאַוואַדיקעס“...

# מעשה׳לעך וועגן קאַרגע אידן

## די מצה איז שולדיק...

איינמאָל האָט אַ קאַרגער איד גענומען אַן אורח אויף שבת. ווען מ׳האָט אָפּגעמאַכט קידוש, האָט דער אורח געמאַכט אַ „המוציא״, אָנ־געגאָסן אַ גלעזל בראָנפן און איינגעטונקען אַ שטיקל חלה. נאָכדעם האָט ער אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל און ווידער געטונקען חלה... ווען מען האָט דערלאַנגט די פיש האָט דער אורח ווידער געטונקען חלה אין די פיש־יויך... רופט זיך אָן דער באַלעבאָס:

— איר ווייסט, ביי אונדז איז געבייטלטע מעל מיט גאָלד צוגלייך...

ענטפערט דער אורח: — ס׳איז אָבער ווערט! די חלה איז טעם גן־עדן! — און ער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ פרישׁ גלעזל בראָנפן און ווי־דער געטונקען...

דער באַלעבאָס איז געווען אויסער זיך, ווען ער האָט דערזען, אַז דער אורח האָט אים שוין צעדרייט אַ גאַנצן קוילעטש, און ער האָט זיך אָנגע־רופן:

— זאָגט מיר, ר׳ איד, פאַרוואָס האָט משה רבינו געדאַרפט שפּאַלטן דעם ים מיט אַ שטעקן? ער האָט דאָך דעם ים געקאָנט געווען אויס־טונקען מיט חלה?!...

— אַוודאי, — האָט דער אורח געענטפערט, — כ׳איז אָבער דאַן ניט געווען קיין חלה, נאָר מצה...

## געזוכט אַ מציאה

אַ קאַרגער איד האָט געדאַרפט חתונה האָבן אַ צווייטן מאָל. האָט ער געזוכט אַ מסדר קידושין, וואָס זאָל ניט רעכענען קיין סך. האָט אים אַ ווייבל געגעבן דעם אַדרעס פון אַ מסדר קידושין, וואָס רעכנט זייער ביליק.

— מיינע אַ קוזינע, — האָט דאָס ווייבל געזאָגט, — האָט שוין ביי דעם מסדר קידושין חתונה געהאַט פיר מאָל...

# דער קאַרגער גביר

— ביי אונדז אין שטעטל, — דערציילט אַ איד, — איז געווען אַ קאַרגער גביר. איז ער זייער קראַנק געוואָרן. האָט מען אַראָפּגעבראַכט גרויסע דאָקטוירים, און זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס איינציקע, וואָס קאָן דעם קראַנקן ראַטעווען, איז אויב ער וועט שוויצן. אָבער וואָס ער זאָל ניט האָבן גענומען, האָט ער אַלץ ניט געקאָנט שוויצן...

ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין שטעטל, אַז דער גביר האַלט זייער שמאָל, זיינען געקומען צו אים די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט און געבעטן, אַז ער, דער גביר, זאָל אָפּשרייבן עטלעכע הייזער, קליינע אויף אָרעמע לייט, אָרעמע כּלות, אלמנות און יתומים. האָט דער גביר זיך געהייסן דערלאַנגען טינט און פעדער און שוין געוואָלט עפּעס אָפּשרייבן, איז ווי ער האָט נאָר גענומען די פעדער אין האַנט האָט ער אויסגעשריען צו די באַלעבאַטים:

— איר קאָנט מיר שוין גיין אין דר'ערד אַריין! איך שוויץ!

# ווער איז אין גראָסערי?

אַן אַלטער גראָסערימאַן האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. איין אויג איז שוין ביי אים געווען פאַרמאַכט, ס'אַנדערע האָט שוין אויך גע'הלש'ט זיך צומאַכן, רופט ער ס'ווייב מיט אַ קול פון אַ מת: — סערע!

איך בין דאָ, מיין מאַן.

— סיידי!

— איך בין דאָ, פּאַפּאַ.

— סעמי!

— איך בין דאָ, פּאַפּאַ.

— אַלע זענט איר דאָ... אַ בראָך צו אייך! טאָ ווער איז אין גראָסערי? — האָט דער האַלב־טויטער געפרעגט...

# ער קאָן אַליין צוגיין

אַן אַלטער איד, אויפן טויטן־בעט, האָט גע'גוסס'ט. הערט ער ווי זיינע דריי בנים שמועסן:

— די לוויה וועט קאָסטן אַרום דריי הונדערט דאָלער, — זאָגט איינער.

— צוויי הונדערט, איז אויך גענוג! — זאָגט דער צווייטער.

זאָגט דער דריטער זון: — פאַר הונדערט דאָלער מאַך איך די שענסטע לוויה!

רופט זיך אָן דער פאָטער: — קינדער, צי וואָס זאָלט איר אויסגעבן געלט? ס'איז אינגאַנצן צוויי בלאָק צו דער סעמעטערי, קאָן איך אַליין צושפּאַצירן...

# דער שידוך געפעלט אים ניט

אין אַ קליין שטעטל אין דער אַלטער היים איז געווען אַ גביר, וועל־כער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט געבן אַ נדבה, מען זאָל זיך אפילו גע־ווען פאַר אים אויסציען. ער האָט געהאַט איין תירוץ — אַז ער גיט נאָר אויף הכנסת כלה.

האָט מען אויף אים אין שטעטל געטראָגן אַ שווער האַרץ. אָבער איינמאָל האָט מען דעם קאַרגן גביר געוואָלט אויספּרובירן: איז מען געקומען און מ'האָט אים דערציילט, אַז אַן אָרעם מיידל און אַ פּאַרזע־סענע וויל מען חתונה מאַכן מיט אַן עלטערן אידן, אויך זייער אַן אָרע־מער, זאָל ער, דער גביר, עפּעס ביישטייערן, כדי מקיים זיין די מצוה פון הכנסת כלה. און דאָס איז דאָך ביי אים זייער טייער...

האָט דער גביר אויסגעהערט די באַלעבאַטים פון שטאָט און דער־קלערט, אַז ער וועט ניט געבן אפילו קיין גראָשן, מחמת דער שידוך גע־פעלט אים ניט:...